דר. ל. זשיטניצקי

# געשיכטע־אויפפאַסונגען



פאַרלאַג „קולטור"

בוענאָס איירעס

1930

# אינהאַלט:



אַרײַנפיר

# אַרייַנפיר

די פאַרשידענע אנטוויקלונגס־טענדענצן, וועלכע דאס אויפפאַסן פון דער געשיכטע האָט דורכגעמאכט אין משך פון דורות ביז די נייסטע צייטן דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אן ענטפער אַף דער פראגע וועגן די טאַטזאַכן און געזעצן, וואָס באשטימען אין יעדער געשיכטלעכער עפּאָכע די פּאָליטישע און געזעלשאפטלעכע אָרדנונגען, דאס דענקען און פילן פון מענטשן.

אין יעדער עפּאָכע איז די פראגע גאנץ פארשידן פארענטפערט געוואָרן, אָבער עס איז קלאר, אז דיווירקלעכע אנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט איז א געשיכטע פון קלאַסנקאַמפן, וועלכע זיינען אנטשטאַנען אדאנק דעם געשאפענעם אינסטיטוט פון פריוואטן אייגנטום. דער אָנהויב פון די קלאַסנקאַמפן, זייער אנטוויקלונג און לייזונג ווארפן זיך אונטער געוויסע באשטימטע געזעצן, וועלכע נעמען זייער יסוד אין די פּאָליטישע און ווירטשאפטלעכע פארהעלטענישן. אָבער די גרויסע מאסן, וואס זיינען געשטאנען אינם דירעקטן קאמף האָבן ניט באמערקט די געזעצן און בלויז איינצלנע פירער, יחידים און העלדן זיינען געקומען אַף די שפּורן פון א געשיקטן אויפפאסן די דערשיינונגען. אדאַנק דעם האָט זיך די מענטשהייט צוגעוואוינט צו זען אין אלע געשעענישן די מעכטיקע און שטארקע האנט פון די „גרויסע" מענטשן און פון דעם האָט זיך אויך אנטוויקלט א גלויבן, אז צווישן די געשיכטלעכע געשעענישן עקזיסטירט ניט און עס איז ניט פאראן קיין שום צייט און סבות־צוזאמענהאנג, און אז די געשיכטלעכע טאַטזאַכן זיינען בכלל א פּראָדוקט פונם איינצלנעם מענטשלעכן געדאנק. אזא מיינונג איז געווען פארשפרייט ניט בלויז צווישן די ברייטע מאסן, נאָר אויך צווישן געלערנטע און וויסנ־

שאפטלעכע קולטור־היסטאָריקער, וועלכע האָבן עס אפגעשפּיגלט אין זייערע ווערק און שאפונגען.

די טעאָלאָגן־וויסנשאפטלער, וואס פארנעמען זיך מיט גאָט־פּאָרשעריי, און נאטור־וויסנשאפטלעכע פּאָרשער, וועלכע האבן אין דער קאָנסטרוקציע פון דער וועלט געזוכט בלויז איין צוועק, האָבן אלע געשיכטע דערשיינונגען צוגעפירט צו איין ענדפונקט, וועלכן זיי האבן באטיטלט מיטן באגריף „גאָט״. דער באגריף האָט צייטנווייז אָנגענומען בא זיי אַן אויסערוועלטלעכן, אמאל אַן אינערלעך־וועלטלעכן כאראקטער, און אמאל האבן זיי גאר צוגעפירט אלע דערשיינונגען צו דער מדרגה פון אַן אידייע, וואס האָט אנטוויקלט דעם געדאנק, אז די שעפער פון דער מענטשלעכער אנטוויקלונג זיינען יחידים, ווי פירשטן, געזעצגעבער, וויסנשאפטלער אדער פּאָליטיקער. לויט אזעלכע אנשויאונגען האָט די מענטשלעכע געשיכטע איר יסוד אינם יחיד, אינם העלד.

אזא מין אנשויאונג האָט אונטער זיך א לאנגע פארגאנגענהייט און האָט דורכגעמאכט אלע פאַזן פון דער מענטשלעכער קולטור־אנטוויקלונג.

אין די נייע צייטן האָט דאס געשיכטע שרייבן זיך געשטעלט נאָך אַן אויפגאבע: שילדערן ניט בלויז די אָפּגעלאָפענע געשעענישן און צייטן, נאָר אויך אריינציען אינם אלגעמיינעם קרייז די פארגאנגענע יאָרהונדערטן, אויסנוצנדיק זיי פאר געוויסע פּאָליטיש-מאכטהאבערישע צוועקן. אזא מין אויפגאבע האָט שוין גורם געווען צו א געוויסן מעטאָד באם שטודירן געשיכטע.

אין די אלטערטימלעכע צייטן האָט מען באטראכט די „מעכטיקע״ העלדן פאר די אָנפירער פונם געזעלשאפטלעכן ארגאניזם; אָבער מ׳האָט זיי ניט פארגעטערט; מ׳האָט זיי באטראכט ווי פשוטע מענטשן, וואס פארנעמען א דאנק זייער גייסטיקער באדייטונג און וויסנשאפטלעכער מאכט אַ וויכטיקן פּלאַץ בא דער ראָד פון דער געשיכטע. אין די אלטערטימלעכע צייטן פלעג מען אפילו מאכן פארוואורפן די העלדן, אז אפטמאל זיינען זיי מקריב די פרייהייט פון פאלק לטובת זייערע עגאָאיסטישע צוועקן און

הערגייציקייט. נאכהער זיינען געקומען די פארטרעטער פון דער מאָדער־נער וויסנשאפט און האָבן צום שטאַנדפונקט פון דער אַלטערטימלעכקייט מוסיף געווען א צווייטן שטאַנדפונקט וועגן דעם כוח פון און אָנפירנדיקער געטלעכקייט אין דער געשיכטע, מיט וועלכן זיי האבן אָנגעטרויעט די פארשידענע מאכטהאָבערישע דינאסטיעס, וואס זיינען כלומרשט באשטימט פון גאָט אנצופירן מיט דער וועלט און שאפן געשיכטע.

אזא מין פאלשער שטאנדפונקט האָט אוועקגערויבט בא די מאָדערנע געשיכטע־שרייבער דאס פארשטענדעניש פאר מאסנבאוועגונגען, פאר די געזעלשאפטלעכע און קולטור־פארענדערונגען. זייער געשיכטלעכע יניקה האָבן אזעלכע געשיכטע־שרייבער געשעפט אויסשליסלעך פון געשיכטלעכע דאקומענטן און ארכיוון און די געשיכטלעכע געשעענישן גופא האבן זיי אויסגעטייטשט ווי גייסטיקע טאַטן פון „הויכבאַגאבטע" פירשטן און מלוכה־מענער. זיי האבן לחלוטין געלאזט אין א זייט די ארגאנישע פארענ־דערונגען, וואס קומען פאָר אין דער געזעלשאפט און פונם איינפלוס פון וועלכע עס איז אפהענגיק די טעטיקייט פון די זעלבע העלדן.

אזא מין אויפפאסונג האָט געבראכט צו א ניט־אביעקטיווער, מענ־דעניש־געשיכטע, וועלכע האט געצילט אף ריין פרעזענלעכע צוועקן.

דער גרעסטער טייל פון די אלטערטימלעכע און מיטלאלטערלעכע געשיכטע־שרייבער האבן דעם גאנצן געשיכטלעכן שטאָף אויסגענוצט פארן שילדערן דעם לעבנס־גורל פון די גרויסע מענטשן. זיי האבן געהאט אן אויסזיכט צו שילדערן די געשיכטלעכע ווירקלעכקייט, ווי זי האָט זיך אָפּ־געשפיגלט אין זייער אייגענעם גייסט. די מאָדערנע געשיכטע־שרייבער ווידער האָבן אויסגענוצט די געשיכטלעכע פארגאנגנהייט פאר זייערע פשוטע געוויסע צוועק־באדערפעניש.

אָבער דער שטראָם פון די געזעלשאפטלעך־טרייבנדיקע כוחות איז געווען שטארקער פון די עגאָאיסטישע צוועקן פון די, וועלכע האבן געוואלט פארוואנדלען די געשיכטע אין א פאטריאָטיש־נאציאָנאלן ארסענאל. עס

זיינען געקומען צייטן פון איבערקערעניש, וועלכע האָבן געשאפן נייע עפּאָכן אין דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט, אפן געביט פון געשיכטע־וויסנשאפט און דאס איז געווען די פארדינסטפולע ארבעט פון די צוויי גרויסע אומשטערבלעכע גאונים: קארל מארקס און פרידריך ענגעלס.

קארל מארקס מאטעריאליסטיש אויפפאסן די געשיכטע האָט געמאכט אן ענדע צו דער געשיכטע־באשרייבונג און האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פאר א געשיכטע-וויסנשאפט, אינם ליכט פון דעם פראָצעס באקומט די געשיכטע אן אנדער באדייטונג און פארשטענדעניש: זי ווערט א רעזול־טאַט פון א געזעלשאפטלעכער און גייסטיקער אנטוויקלונג.



קאפיטל 1

# די געשיכטע - אויפפאסונג אין אלטערטום

איינטראכטנדיק זיך אינם אנטוויקלונגס־גאנג פון דער נאטור און קולטור־דערקענטעניש קען מען באמערקן אן אייגנטימלעכע דערשיינונג: צוויי שטראָמען,—סיי די נאטור, סיי די קולטור־דערקענטעניש,—לויפן פּאַראַלעל איינער צום צווייטן און קערט איינער פון די שטראָמען אָפּ אין א זייט, פאָלגט אים אויך נאָך דער צווייטער. דאס זעלבע, ווען איינער פון די שטראָמען גייט פארויס, באגלייט אים אין דער זעלבער ריכטונג אויך דער צווייטער. און כמעט אין אלע ציוויליזאציע־צייטן באשטעטיקט זיך די דערמאנטע דערשיינונג.

די געזעלשאפטלעכע ארדנונג פון די אלטע פעלקער איז געווען גאנץ פארשידן פון דער מאָדערנער. אויב די מאָדערנע געזעלשאפטלעכע ארדנונגען צייכנען זיך אויס מיט זייער באזונדערער קאמפּליצירטקייט, — איז די געזעלשאפטלעכע ארדנונג פון אלטערטום געווען א גאנץ איינפאכע און צוגעגנגלעך פארן פארשטאנד פון יעדן מענטשן.

די פארהעלטענישן צווישן דעם אלטערטימלעכן באלעבאס און זיין קנעכט — דעם שקלאף זיינען געווען בולטע און קלאָרע. דער שקלאף איז באטראכט געווארן, ווי א לעבעדיקער וועקצייג, ווי דער אָקס, וואס שלעפּט דעם אקער און ווי דאס שאָף, וואס שענקט דעם באלעבאס זיין וואָל. דער קנעכט האָט געוואוסט, אז זיין אייגנטימער באטראכט אים ניט פאר קיין גלייכן צו זיך מענטש און אז ער—דער קנעכט, מוז ארויסליפערן א צווייטן, וואס ער פּראָדוצירט. צו פארשטיין אזא מין פארהעלטעניש, איז לחלוטין נישט געווען נויטיק א קאמפּליצירטער וויסנשאפטלעכער אפּאַראַט, וועלכן מ׳פארמאגט אין דער מאָדערנער צייט צום אויסטייטשן די

באציאונג צווישן מענטשן. אבער די באגרעניצטע פּראָדוקציע־פּאַרהעל־טענישן און דער מאַנגל אין א פּלאַנמעסיק באהערשן די אויסערלעכע וועלט האָט געבראַכט דערצו, אַז אין די פאַרהעלטענישן צווישן מענטש און מענטש, צווישן מענטש און נאַטור האָט געהערשט אַן אויסגעשפּראָכן איינזייטיקע און ניט־אָביעקטיווע באציאונג.

די איינזייטיקע באציאונג און די איינפאַכקייט פון די געזעלשאַפטס־איינריכטונגען, האָבן זיך זעלבסטפאַרשטענדלעך אָפּגעשפּיגלט אין די אַל־טערטימלעכע העלדן. אינם קענען אָפּשאַצן די נאַטור־און געזעלשאַפטס־דערשיינונגען האָט אין יענער צייט געהערשט א באשטימטע קלאָרקייט. די גריכן האָבן זיך געשאַפן אַן אויפפאַסונג, אַז אַלע נאַטירלעכע דערשיינונ־גען געפינען זיך אין א צושטאַנד פון אַן אויפהערלעכן פליסן. דער קלאָ־רער גייסטיקער בליק פון די גריכן, נאָך פרעמד פון קאָמפּלי־צירטע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, איז נישט געווען ביכולת אָפּצוטיילן איין דערשיינונג פון דער צווייטער. אַלע דערשיינונגען, וואָס פאָלגן, אין א געוויסער רייע און פאַרבינדונג איינע נאָך דער צוויי־טער האָבן די גריכן אויסגעטייטשט, ווי א סיבה פון א שטענדיקער באַ־וועגונג. אזא מין נאַטור־אַנשויאונג געפינט מען אין די איינצלנע ווערק פון די אַלטע גריכישע עפּיגאָנער. אינם נייסטן יאָרהונדערט האָט פריד־ריך לאַסאַל זיך באמיט צונויפצוזאַמלען די אַלע אַלטע חורבות און אָפּשפּלי־טערונגען פון איינצלנע געדאַנקען און צוזאַמענגעפּאַסט זיי אין איין גאַנצן בנין אין זיין באַרימט ווערק: „הערַאקליט דער טונקעלער". מיט זיין אויס־ערגעוויינלעכן שאַרפזין און געלערנטקייט האָט לאַסאַל פאַר יענער אי־דייענוועלט אויפגעבויט אַן אומשטערבלעכע מצבה.

די גאַנצע נאַטור־אַנשויאונג פון די אַלטע גריכן האָט הערַאקליט אויס־געדריקט אין צוויי ווערטער: אַלעם פליסט. די צוויי־געשפּאַלטנקייט צווישן נאַטור און קולטור, דאָס אָפּלייקענען דעם צוזאַמענהאַנג צווישן מענטש און וועלט־שטח, די שטאָלצע דערקלערונג, אַז דער מענטש איז אָפּהענגיק פון אַנדערע און נישט פון די נאַטור־געזעצן, — וועגן דעם אַלעמען האָבן די אַלטע גריכן נאָך נישט געהאַט קיין באַגריף.

מיט א ניט קלענערער קלאָרקייט האָבן די אַלטע גריכן אויך באַטראַכט

דאס געזעלשאפטלעכע לעבן. די גריכן האָבן אלעם באטראכט פון אן אויס־געשפּראָכענעם רעאליסטישן שטאנדפונקט. מלוכה — און געזעלשאפטס־אינסטיטוציעס האבן די אלטע גריכן באטראכט, ווי: צייטווייליק־אנטשטא־נענע איינריכטונגען, געשאפענע פון מענטשן. דאס, וואס די גריכן פלעגן אָנווייזן. אז פיל מענטשן שטאמען פון דער געטער־וועלט האבן זיי מיט דעם ניט אויסן געווען צו פארוואנדלען די פירשטן און פירער, אין א גע־שיכטע פון געטער, אָנצופירן מיט דער וועלט. און דאס באשטעטיקט די גריכישע דיכטונג, וואו מען געפינט מענטשן פון נידעריקע שיכטן, וואס טראגן דעם טיטל: „מענטשן, וואס שטאמען אפּ פון גאָט".

די גריכישע פאָרשער האבן זיך ניט געהאלטן באם אבסורד, אז די שקלאפעריי איז א געטלעכע און אייביק־נויטווענדיקע איינריכטונג. זיי האָבן זי בארעכטיקט, ווי א מין נויטווענדיקייט פאר די הערשנדיקע קלאסן, כדי די לעצטע זאלן קענען אויספילן זייערע פליכטן לגבי דער מלוכה און בכדי זיי זאלן זיך קענען ווידמען דער אנטוויקלונג פון דער וויסנ־שאפט און קונסט. דאס עקזיסטירן פון דער שקלאפעריי איז פאר זיי געווען א פועל־יוצא נישט פון א געטלעכן ווילן, נאָר א רעזולטאט פון וועלטלעכע פּראדוקציע־פארהעלטענישן. אריסטו, (אריסטאָטעל) איינער פון די גרעס־טע אלטערטימלעכע גריכישע פילאזאפן האָט אין יענע צייטן אָנגעוויזן, אז ווען יעדער ווערקצייג זאל דורך א באפעל פון זיך אליין קענען פארריכטן די ווערק, וואס דער ווערקצייג גופא האָט געשאפן; דאס וועבשיפל זאל פון זיך אליין קענען וועבן, — וואלט יעדער בעל־מלאכה ניט גענוי־טיקט זיך אין געהילפן און דער הערשער וואלט זיך געקענט באגיין אָן קנעכט. דאס איז דער בולטסטער באווייז, אז די גריכישע וויסנשאפט האָט שוין דאן געהאט א קלאָרן באגריף וועגן שקלאַפעריי. און ערשט אין די מאָדערנע צייטן, בעת דער מענטש האָט זיך געמאכט אונטערטעניק די נאטור, ווען דאמף, לופט און עלעקטרי פארבייטן אינם פּראצעס פון דער פּראָדוקציע דעם מענטשלעכן כוח, — ערשט דאן באגרייפט מען אז אריסטוס אמאליקע פאנטאזיעס זיינען געווארן א שטיק ווירקלעכקייט. ווערקצייגן זיינען אין שטאנד זעלבסט צו פארריכטן די ווערק, וואס זיי אליין האבן געשאפן; דאס וועבשיפל גייט פון זיך אליין, אבער ניט קוקנדיק אף דעם

אלעמען איז די קנעכטשאפט פארבליבן, עס האָט זיך בלויז געענדערט דער אויסערלעכער לבוש. אנשטאט צו זיין אן באלעבאס איבער נאטור־קר׳עפטן, וועלכע דינען פאר דער מענטשלעכער פראדוקציע, איז דער ארבעטער געווארן דער מאדערנער שקלאף פון די זעלבע נאטור־קרעפטן.

בא די אלטע גריכן האבן זיך די געזעלשאפטס־און מלוכה־איינריכטונגען אויסגעצייכנט מיט א גענוגנדיקער קלארקייט, אבער קיין איבעריק גרויסע מעלה איז דאס ניט געווען, — ווייל א דאנק דעם זיינען די אלטע גריכן נישט געווען ביכולת אויפצודעקן די געזעצן און די הויפט־יסודות פון דער פעלקער-אנטוויקלונג, און דאָס האָט מיטגעווירקט אז זייערע גייסטיקע האריזאנטן זאלן זיין באגרעניצט. פיל דערצו האָט מיטגעווירקט וואס די וועלט איז באשטאנען פון פילע קליינע מלוכות, און די נישט־רייפקייט פון די פראדוקציע־פארהעלטענישן. דער גאנצער אופן, אין וועלכן די גריכן האבן געשריבן זייער געשיכטע ווייזט, אז די גריכן האבן זיך געהאלטן בא דער מיינונג, אז געשיכטע ווערט געמאכט פון איינ-צלנע העלדן מיטן כוח פון זייערע מלחמה־און שלום־אויפטועכצן. און דאָך איז דאס שוין געווען א מין נידעריקערע שטופע פון א מאטעריאליסטישן אויפפאסן די געשיכטע, — אין דעם זין, ווי די פראָדוקציע פארהעלטענישן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די מוחות פון די מענטשן — אָן שום פלפול אין זייער פשוטן פארשטאַנד. פון טעאריעס, געזעצן האָט אין יענע צייטן נאָך נישט געקענט זיין קיין שום רייד.

קאפיטל 2.

# דאָס געשיכטע אויפפאסן אינם אָנהויב פון מיטלאלטער

צום איבערגאנג פון דער אלט־גריכישער מאטעריאליסטישער גע־שיכטע־אויפפאסונג צו אן אידעאליסטישער האבן גורם געווען די רוימער.

אונטערן באגריף „אידעאליסטישע געשיכטע־אויפפאסונג” דארף מען פארשטיין אזא מין אופן אויפפאסן די געשיכטע, וואו יעדע אנטוויקלונג ווערט דערקלערט פון א פאראויס־באשטימטן צוועק, און יעדע דערשיינונג ווערט באטראכט פון איינער און דערזעלבער גלייכגווארענער אידייע.

אין זיין „קאפיטאל” ווייזט קארל מארקס אָן, אז די געשיכטע פונם

באדן־אייגנטום איז די געהיים־געשיכטע פון דער רוימישער מלוכה. אינם ערשטן יארהונדערט, באלד נאָכן פארטרייבן די קעניגן, בעת די רוימישע מלוכה איז צוטרייסלט געווארן פון די אינערלעכע קאמפן, איז דאס געוועזן נישט מער, ווי א קלאסנקאמף צווישן דעם אריסטאקראטישן שיכט, וועלכער האָט געטראגן דעם נאָמען פאטריציער. ד. ה. די איידעלע, און צווישן דעם פאלקסשיכט, וועלכער האָט געהייסן די פלעביייער. דער קאמף צווישן זיי איז פארגעקומען צוליב די מלוכה־לאנדגיטער. אבער באלד נאָך דעם, ווי די פלעבייער האבן דורכגעזעצט זייער שווערן קאמף און אויסגעקעמפט גלייכהייט פאר זיך, האָט זיך פון דיביידע שיכטן אנגעהויבן אויסצוטיילן א נייער פינאנץ־און גוטבאזיצער־אדל, וועלכע האבן ביסלעכווייז פאר־כאַפּט דאס ערד־אייגנטום פון די פויערים, וועלכע זיינען רואינירט גע־ווארן א דאנק דער דויערנדיקער מלחמה־דינסט. אף אזא אופן האבן זיך קאנצענטרירט אין איינצעלנע הענט אומגעהויער גרויסע ערד־שטחים, און דאס האָט געבראכט צו דער אנטשטייאונג פון א שיכט גרויסע גוט־באזי־צער. אָבער וואס מער די גוטבאזיצער האָבן אנטוויקלט דאס בויען פון זייערע לאנד־שטחים, אלץ גרעסער זיינען געווארן די באדערפענישן אין שקלאפן. אזעלכע באדערפענישן האָבן געקענט באפרידיקט ווערן אויסשלי־סלעך דורך דערפאלגרייך־געפירטע מלחמות, ווייל די אלטע רוימער האבן זיך געהאלטן באם שטאנדפונקט, אז זייערע אייגענע שטאָם־מענטשן דארפן געניסן פון דער שטענדיקער פרייהייט און גלייכהייט און דערפאר קען מען זיי נישט צווינגען צו ארבעט. די אָפטע מלחמות, וועלכע די רוימער האבן געפירט, האָבן איינגעפלאנצט אין זיי אן איבערצייגונג און א גלויבן, אז די רוימישע מלוכה איז באשטימט פון גאָט גופא אונטערצואָכן פאר זיך די גאנצע וועלט.

אָט אזוי איז די תמימותדיקע און פאר יענער צייט ריכטיקע אויפ־פאסונג פון דערשיינונגען דורכגעדרינגען געוואָרן מיט איבערערדישע, הימלעכע אידייען. אין די מענשלעכע געדאנקען איז די געשיכטע געוואָרן א מין קנעכט פון א געוויסע באשטימונג. מ'האָט זיך צוגעוואוינט צו זעען אין יעדער דערשיינונג א געוויסן צוועק און אין דער נאטור זעלבסט האָט מען געזוכט א שכלדיקע פארבינדונג. נאטירלעך, אז דער מענטש האָט אזא

פאַרבינדונג געפונען און צוגעגעבן, אז אין דער נאַטור הערשט דער שכל און אדאנק דעם איז דער מענטש געווארן דער צענטער פונם וועלט־אל. ס'האָט זיך אנגעהויבן דאס קריטישע פארשן די נאַטור און מלוכה און פאר א מאסשטאב פון אזא פארשן האָט געדינט דער אנטשפּרעכנדיקער מענטש־לעכער שכל. און כאטש דאס אויסטייטשן די מלוכה־אנטוויקלונג פון א גע־ווים ציל האָט זיך באזירט אויסשליסלעך אויף דער מענטשלעכער איינביל־דונג און לופט־פאנטאזיעס און האָט ניט געהאט לחלוטין צו טון מיט די רעאַלע ווירקלעכע פאַרהעלטענישן, — דאך איז עס געווען א גוואלדיקער שריט פאראויס. דאס באשטימען פון זאכן איז צונויפגעשמאלצן געווארן אין איין גאנצן קערפּער מיט די דערשיינונגען זעלבסט און פון דעם האט זיך אנטוויקלט די אנשויונג וועגן א פעסטער, אייביקער נאַטור — און קול־טור — דערשיינונגען.

דערקלערנדיק, אז דאס מענשלעכע דא־זיין ווערט באשטימט פון די אידייען, אנשטאט צו אנערקענען, אז די אידייען זיינען א רעזולטאט פונ'ם מענטשלעכן דאָ־זיין — מיט דעם האָט דער אידעאַליזם געפונען זיין אנ־האלט און ווייטערע אנטוויקלונג אינ'ם מיטלאלטערלעכן קריסטנטום און אין די אייגנטימלעכע געזעלשאפטלעכע איינריכטונגען פון יענער צייט. דאס מיטלאלטערלעכע קריסטנטום, ווי א פּועל־יוצא פון די דעמאָלסדיקע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, האט געפונען אינ'ם פּויפּסט זיין צענטראלע פארקערפּערונג. דאס קריסטנטום האט דערנערט דעם מענשן מיט'ן גע־דאנק, אז סיי דער וועלט־שטח, ווי א באגריף, און סיי די מענשלעכע גע־זעלשאפט זיינען אונטערגעווארפן איין העכערער מאכט און איין העכערן ווילן. „אָן גאָט קען גארניט געשעען, אלעס איז פאר אים און דורך אים", אזוי האט געפּריידיקט די רעליגיע און דאס איז געווען איר העכסטער מאָ־ראלישער באגריף. די אלטעגלעכע לעבנסגעשעענישן, די וואנדלונגען פונ'ם סאָציאַל־פּאָליטישן דאָזיין — זיינען באטראכט געווארן ווי א גורל, וועל־כער איז אונפארמיידלעך און נישט־פארענדערלעך, ווייל ער ווערט בא־שטימט פון א העכערער מאכט.

צו דער אנטוויקלונג פון דער נייער וועלט־אנשויאונג האָט נישט ווייניק בייגעהאָלפן די פעאָדאלע געזעלשאפט. די פערזענלעכע

אפהענגיקייט פונם מענטשן גופא, דאס אפהענגיקייט פונם וואַסאַל פון זיין פירשט, דעם לייב־אייגענעם פון זיין באַלעבאָס, דעם געזעל פון מייסטער,—דאס זיינען די טיפּישע סימנים פונם מיטלאַלטער, די מיטלאַלטערלעכע פּראָדוקציע איז אין איר מערסטנטייל געווען באהערשט פון דער נאַטוראַל־ווירטשאַפט, וועלכע האט לויט איר אינהאַלט געפאדערט דאס עקזיסטירן פון פעסטע שטאַנדהאַפטיקע, אינסטיטוציעס. דאס האָט מיטגעווירקט פאַר דער שאַפונג פון אן איינזייטיקער אידייענוועלט, דער עקר פון וועלכער איז באשטאַנען אין דעם, אז קיין זאך קאן נישט פאַרענדערט און איבערגעאַנדערשט ווערן. אזוי אַרום האָב, די רעליגיע און די געזעלשאַפט גורם געווען, אז די נאַטירלעכע לעבנס-פאַרהעלטענישן זאָלן אוועקגעשטעלט ווערן אף דער מדרגה, פון א מין קדושה.

נעמט מען אבער אין באַטראַכט ביידע דערמאַנטע אויפפאַסונגען — די געשיכטע־אויפפאַסונג פון די רוימער און פון מיטלאַלטער, ווערט קלאָר, אז בא די רוימער האָט די געשיכטע־אויפפאַסונג געדינט פאַר דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אידייע, בעת אין מיטלאַלטער האט די געשיכטע־אויפפאַסונג געדינט פאַר דער אנטוויקלונג פון אן אינטערנאַציאָנאַלן רעליגיעזן געדאַנק. אין די ביידע צייט־עפּאָכן האט די אידייע פאַרנומען דעם אויבנאָן און די אָביעקטיווע געשיכטלעכע אויפפאַסונג איז פאַרשויבן געוואָרן אין א זייט. מ'האָט געהאַלטן, אז די געשיכטע-אויפפאַסונג ווערט באאיינפלוסט פון דער אידייע און אויך פון דער לעצטער נעמט זי איר מקור.

אין דעמזעלבן ליכט זיינען אויך באַטראַכט געוואָרן די יסודות פון דער אנטוויקלונג סיי אין די אַלטערטימלעכע צייטן, סיי אינ'ם מיטלאַלטער. מ'איז געווען פעסט איבערצייגט, אז געשיכטע ווערט געמאַכט פון מלוכה־לייט, פירשטן, פונ'ם פויפּסט און זיינע גלחים.

אבער אפן שוים פונ'ם מיטלאַלטער איז אויסגעוואַקסן דער קלאַס, וועלכער האָט געמאַכט א סוף צום פעאָדאַליזם, ארויסרייסנדיק די מאַכט פון זיינע הענט. עס איז געווען דער בירגערלעכער קלאַס, אדער די אזוי־גערופענע קינפּטיקע בורזשואזיע. דאס כאַראַקטעריסטישע פון דער בורזשואזיע איז געווען, וואס זי האָט געשטרעבט אריינצוציען אינ"ם קרייז פון דער פּראָדוקציע אויך די נאַטור, בעת די הערשנדיקע קלאַסן פון מיטל־

אלטער האבן געהאט א קנאפן אינטערעס מאכן זיך אונטערטעניק די נאטור, — די בורזשואזיע ווידער איז פשוט צוליב אירע קלאסנאינטערעסן געווען געצוואונגען מאכן זיך די נאטור פאר איר א געטרייער דינערן.

פיל גינסטיקע אומשטענדן פון דער מיטלאלטערלעכער גייסטיקער און פראקטישער ספערע האבן דערביי מיטגעהאלפן דעם בירגערטום: דער געזעלשאפטלעכער פראצעס פון פונאנדערפאלן זיך, וועלכער האט זיך אפגעשפילט צום סוף פון מיטלאלטער, האט רואינירט גאנצע באפעלקערונגס־שיכטן, — אזעלכע שיכטן, ווי דאס פויערטום און ריטערטום, אוועקרויבנדיק זייער פרייע לאגע אין דער געזעלשאפט און דאס האט ארויסגערופן א גייסט פון אומצופרידנקייט. יעדן איז געווארן ענג אין די פריערדיקע ד׳ אמות, מ׳האט זיך אנגעהויבן פילן שלעכט אינ׳ם קרייז פון די אלטערטימלעכע און מיטלאלטערלעכע אנשויאנגען. ס׳האט זיך אנגעהויבן א שטרעבונג ארויס פון די אפגעלעבטע און פארשימלטע פארהעלטענישן פון מיטלאלטער, און דער ערשטער פועל־יוצא פון דעם איז געווען די באגייסטערונג פונם המון פאר די קרייצוגן. אין דערזעלבער צייט הויבט זיך אויך אן אן אנשטרענגונג פון כוחות צו אנטדעקן נייע וועגן פאר איבערקערענישן, צו וועלכע די מענטשהייט האט דאן געהאט שטארקע נייגונגען. פארלויפיק זיינען אזעלכע שטרעבונגען באפרידיקט געווארן אינם אנטדעקן אמעריקע. אדאנק די אנטדעקטע נייע לענדער האט אין די אייראפעישע פעאדאלע מלוכות אנגעהויבן ארייננפליסן אומגעהויער גרויסע גאלד־אוצרות, וואס האט מיטגעווירקט, אז די מיטלאלטערלעכע פאליטישע און געזעלשאפטליכע פארהעלטענישן זאלן נאך מער און שנעלער זיך אנהויבן פונאנדערפאלן. דער מענשלעכער גייסט האט בכלל פיל געשעפט פונם נייעם מאטעריאל, פונ׳ם נאטור — און מענשן־לעבן. די נאטורוויסנשאפטן האבן אנגענומען א גאנץ אנדערן כאראקטער און אנגעהויבן צו פארנעמען א וויכטיקן פלאץ אין דער וויסנשאפט.

די התחלה פון א וויסנשאפטלעכן באטראכטן די נאטור און מאכן די נאטור פאר אן אביעקט פון וויסנשאפט, — דאס האט געגעבן א מעכטיקן שטויס פאר א נייעם באטראכטן דעם יחיד בכלל און דעם מהות פון דער מלוכה בפרט.

קאפּיטל 3

## די ווירקונג פון דער רעפאָרמאַציע אַף דער געשיכטע - אויפפאַסונג.

דער וואוקס פון דער בורזשואזיע האט געבראכט צו אַן ענדערונג אין די געאָגראַפישע גרענעצן און מאַטעריעלע פאַרהעלטענישן און אדאנק דעם, האט די גייסטיקע רעוואָלוציע אנגעהויבן מאכן ריזיקע פארשריטן. דער מענטשלעכער גייסט, וואס האָט געצויגן יניקה פאר זיין אנטוויקלונג און די נייע פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן, האט ווידעראמאָל באקומען א ווירקנדיקן איינפלוס אף דער מאַטעריעלער וועלט.

אין אנהויב האָט דער נייער שטייגער דענקען זיך געווענדן אף דער רעליגיע. דער מיטלאַלטערלעכער קאַטאָליציזם איז געווען נישט בלויז א רעליגיעז־גייסטיקער בנין, נאָר אויך א סאציאַל־פּאָליטישע אינסטיטוציע. די קלויסטערס מיט זייערע קאָלעקטיווע ערד־שטחים און קאָלעקטיווע ווירטשאַפט; דאס קירכלעכע אונטערשטיצן די ארימעלייט; אָרגאַניזירן פאלקס־יום־טובים און באַהערשן דאס משפּחה־לעבן דורכן אריינפירן אַן אבליגאַטאָרישן ווידוי, — אָט אין דעם איז באשטאַנען דער סאָציאַלער כאַראַקטער פונם מיטלאַלטערלעכן קאַטאָליציזם.

די טענדענץ פון די נייע פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן איז געווען פאַרשטאַרקן די אינדיווידואַליסטישע ווירקונג אפן חשבון פון די מיטלאַלטערלעכע קאָלעקטיווע אינסטיטוציעס, אום אנשטאַט דער פּלאַנמעסיקער פּראָדוקציע, וועלכע האט דאַן געהערשט אין דער פאָרם פון נאַטוראַל־ווירטשאַפט, איינצופירן דעם פרייען האנדל מיט א פרייער קאָנקורענץ, אדער אריינפירן די אזויגערופענע פּלאַנלאָזע אנארכיע אין די ווירטשאַפטלעכע באַציונגען. דאס האָט געבראַכט צו א צוזאַמענשטויס צווישן צוויי וועלטן, וועלכע האָבן גלייכצייטיק געקעמפט פאר זייער עקזיס־טענץ, די איינע האט געוואָלט זיך איינהאַלטן אין אירע פּאָזיציעס, אבער די צווייטע איז געקומען זי ארויסצושטופּן און פאַרנעמען איר אָרט. די ערשטע וועלט איז באַשטאַנען פון באַגרעניצטע אינסטיטוציעס, וועלכע עס האָט אָרגאַניזירט דער קלויסטער און וועלכע האָבן שוין מער ניט גע־האַט קיין קיום אינ׳ם געזעלשאַפטלעכן לעבן, און, — אנטקעגן איז אַנט־

שטאַנען אַ נייע וועלט, וואָס האָט זיך געהאַלטן ערשט אין שאַפן — די וועלט איז געווען דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם.

כּדי זיך צו באַרעכטיקן האָט דער קאַפּיטאַליזם געמוזט איינטיילן די מענטשהייט אין צוויי קלאַסן און פון אַזאַ מין שטאַנדפּונקט אַרויסגייענדיק האָט ער נישט צעשטערט די קירכע, נאָר זי געלאָזט ווייטער עקזיסטירן. ער האָט בלויז צוגענומען בא איר די סאָציאַלע מאַכט. דער קאַפּיטאַליזם האָט באַדאַרפט די קירכע, פאַר די זעלבע צוועקן, וואָס דער פעאָדאַליזם. אויך דער קאַפּיטאַליזם האָט געפּריידיקט אַז אַן אויבערשטער כּוח, אַז גאָט פאַר־דערט, דער גרעסטער טייל פון דער מענטשהייט זאָל לעבן אין אָרימקייט, אין דחקות, פון אַרבעט און שווערער מי, און בלויז אַ קליינער טייל איז אויסדערוויילט צו געניסן פון אַלע וועלט-תענוגים און לעבן פון גאַרנישט טון אויפן חשבון פון דעם, וואָס דער אַנדערער וועט אַרבעטן. קאַרל מאַרקס האָט זייער כאַראַקטעריסטיש אַנגעוויזן, אַז עס איז פּשוט געווען אַ נויטווענדיקייט צו פאַרבירגערלעכן די רעליגיע און אַזאַ אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען דער פּראָטעסטאַנטיזם. פון דעם ווערט אויך פאַרשטענד־לעך, פאַרוואָס דער פּראָטעסטאַנטיזם האָט געפירט אַזאַ מין שטאַרקן קאַמף מיט די קלויסטערס, אַרויסטרעטנדיק קעגן די קירכלעכע איינריכ־טונגען מיט זייער איינגעפירטן ווידוי און קעגן דער איינגעפירטער גרויי־סער צאָל קאַטוילישע יום־טובים.

קאַפּיטל 4

## די רעוואָלוציע אין דער וויסנשאַפט.

די בורזשואַזיע, וועלכע איז אַדאַנק דעם כּוח פון קאַפּיטאַל, אויסגע־וואַקסן אין אַ מעכטיקן קלאַס, האָט אָפּגעשאַפן די ווירקונג פון די רעלי־גיעזע איינריכטונגען אויפן געזעלשאַפטלעך־סאָציאַלן לעבן און די רע־ליגיע גופא פאַרוואַנדלט אין אַ געווער פאַר די קאַפּיטאַליסטישע אינטע־רעסן. אָבער מיט דער אָפּשוואַכונג פון דער רעליגיעזער ווירקונג האָט די רעוואָלוציע אויך אַנגעהויבן אַריינצודרינגען אין דער וויסנשאַפט.

ענגלאַנד איז געווען דאָס ערשטע לאַנד, וועלכעס האָט ריכטיק אָפּגע־שאַצט די געשעענע פאַקטן און געפונען דעם ריכטיקן וועג אויסצונוצן די

סאציאלע פארהעלטענ׳ישן, וועלכע האָבן זיך געענדערט און אריין אין א נייער פאזע. אין גאר א קורצער צייט האָט ענגלאנד ארויסגעשטופט דאס רעאקציאנער־פּאָליטישע שפּאניען פון אירע סאציאל-פּאָליטישע און קאלאָ־ניאלע פּאָזיציעס. אין די מיטלאלטערלעכע צייטן האָט דאס ענגלישע ביר־גערטום פארנומען א בכבודיקן אָרט אינם אלוועלטלעכן לעבן און איז געווען אן איינפלוסרייכער פאקטאר אפן מלוכה־וועזן, — און באם אויפבלי פונם קאפּיטאליזם, בעת דער לעצטער האט דערוואכט צו א קאָלאָניאלער פּאָ־ליטיק, איז ענגלאנד אין דעם הינזיכט געווארן דער קאָנגלאָמעראט פון די אייראָפּעישע מלוכות.

דאס באגייסטערטע פארשן די נאטור און די פארבאָרגענע און איר כוחות האבן געגעבן די ענגלענדער א מעגלעכקייט אָנזאמלען קענטעניש, ווי אזוי אמבעסטן אויסצונוצן די נייע סאציאלע פארהעלטענישן פאר אייגענע צוועקן; א דאנק דעם האָט זיך ענגלאנד אנטוויקלט מאטעריעל און גייסטיק און איז געווארן דאס ערשטע לאנד צווישן די דעמאלסדיקע ציוויליזירטע לענדער. פון ענגלאנד האט זיך אנגעהויבן די ניי-באנייעטע וויסנשאפט.

דאס מיטלאלטער האט אין יעדער זאך, אין יעדער דערשיינונג איינ־געזען א מין ווירקונג פון אן העכערן כוח. אין די נייע צייטן האָט מען מיטן כוח פון באָאָבאכטן דאס נאטור־לעבן אנגעהויבן צו באטראכטן אלע דער־שיינונגען מיט אפענע אויגן און פון א קלארן שטאנדפונקט. דער ענגלישער וויסנשאפטלער באַקאָ פון ווערולאַם איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אריינגעפירט אין דער וויסנשאפט א נייעם אופן פון באטראכטן זאכן און דערשיינונגען. זיין עקספּערימענטיר און דערפינדונגס־לאָגיק האבן גע־בראכט א נייע עפּאכע אין דער וויסנשאפט, בעת וועלכער מ׳האָט זאכן באטראכט לויט זייער אויסערלעכן דערשיינען און אייגנשאפטן, לויט זייער אנאָטאָמישער און פּסיכאָלאָגישער בויונג. ס״איז געווען א צייט פון זאמלען מאטעריאל פארן אויפבוי פון א נייער נאטור און קולטור־אויפ-פאסונג.

מיט דעם, וואס יעדע דערשיינונג האט מען אנגעהויבן צו באטראכטן פון א שטאנדפונקט פון איר אבסאלוטן ווערט, האָט די פראגע וועגן

דעם אנטשטייען און אונטערגייען פון זאכן ניט געקאנט האָבן מער קיין קיום. עס איז טאקע ניט אפגעשאפט געווארן די פריערדיקע אנשויונג וועגן דער פארגליווערטקייט, שטאנדהאפטיקייט און נישט־וואנדלבארקייט פון אלע דערשיינונגען אין דער נאטור און געשיכטע אָבער, די סבה פון די דערשיינונגען האָט מען שוין געזוכט נישט אין העכערע אומבאוואוסטע כוחות, נישט אין אויסערלעכע וועלטן, נאָר אינ׳ם עצם פון די זאכן גופא. דאס האָט צוטרייסלט דעם מיטלאלטערלעכן אידעאליזם, אבער אים נישט באזייטיקט. האָט מען אבער אין די מיטלאלטערלעכע צייטן באטראכט די עקזיסטירנדיקע ארדנונג, ווי אן אייביקע, איבערנאטירלעכע, האט מען אין די מאדערנע צייטן גזעען אין די דערשיינונגען דאס נאטירלעכע, כאטש מ׳האָט זיי נאָך אפן סמך פון דער פארגאנגענהייט און צו־קונפט, צוגעשריבן אן אייביקע עקזיסטענץ. דער יסוד צו דערקלערן אלע נאטור-דערשיינונגען און געזעלשאפטלעכע איינריכטונגען פאר אייביקע איז געלעגן אינ׳ם באגריף פון צוועקמעסיקייט, וועלכע מ׳האט איינגעזען אינ׳ם וועלט־שטח און אין דער געזעלשאפט. וועגן דעם, אז ס׳איז פאראן א נויטווענדיקער צוזאמענהאנג צווישן דערשיינונגען אינ׳ם נאטור און מענטשן־לעבן, וועגן דעם האָט נאָך אין יענע צייטן ניט געקאנט זיין קיין ריידע. להיפוך! יעדע זאך איז באטראכט געווארן, ווי אן איינצעלנע פאר זיך, דערשיינונג.

אָט אזא מין צושטאנד האט געהערשט אינ׳ם לעבן און אין דער וויסנ-שאפט! סיי די נאטוראנשויונג, סיי דאס אויפפאסן פון דער געשיכטע האָט מיט זיך פארגעשטעלט א מין מישמאַש פון גייען־פאראויס און א גלייכצייטיקן גייען־צוריק. די סבה איז געווען אין די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן, מיט וועלכע ס׳האָבן געברויזט דאס פינפצענטע, זעכצענטע און זיבנצענטע יאָרהונדערטן. דאס האט געצוואונגען די דענקער זיי זאָלן ווענדן זייער אויפמערקזאמקייט אויסשליסלעך אפן אויספארמעווען די אינערלעכע צושטאנדן פון די מלוכות און דאס האט דערוועקט א פאר־שטענדניש פארן געזעלשאפטלעכן פראצעס פון ווערן. פון דער עקאָנאָ־מישער אנטוויקלונג איז אין יענע צייטן אויך ארויסגעוואקסן דאס אבסאָ־לוטע פירשטנטום, וועלכעס האט פאראייניקט אין זיך דעם אדמיניסטראַ־

טיוון און מיליטערישן אפאראט פון דער געזעלשאפט. דאס האָט ווידער־אַמאָל צעשטערט דעם באגריף פאר די ריין-געזעלשאפטלעכע געשעענישן און ס'איז אנטשטאַנען א גלויבן, אז די מלוכה־איינריכטונגען זיינען בלויז א ווערקצייג אין די הענט פון קיניגן און פירשטן. דער פראנצויזישער קיניג לואי דער דער פערצענטער האט קלאר און דייטלעך אויסגעדריקט דעם באַגריף אין זיין היסטאריש־געווארענער פראזע: „די מלוכה, — דאס בין איך!" אָט די פראזע, איז די פארקערפערונג פונם גאנצן אופן פון דענקען און באטראכטן די געזעלשאפט אין דער צייט פונ'ם הערשנדיקן אבסאָלוטיזם. דער גאנצער אופן פון שרייבן געשיכטע איז דאן באַשטאַנען פון שילדערן די מלחמות, דאס געבוירן און שטארבן פון קיניגן און פירשטן, מלוכה־מענער; אין די סקאנדאליעזע כראָניקס פון די איינצלנע קיניגלעכע הויפן. צו יענער צייט איז אויך דערשינען דאס באוואוסטע בוך פון איטאַליענישן מלוכה־סעקרעטאר מאקיאַוועלי אונטערן נאָמען „דאס בוך פון די פירשטן". דאס ווערק איז דער העכסטער אויסדרוק פון דעם, ווי אזוי די פירשטן מאכן געשיכטע, לויט זייער ווילן און פעאיקייט. דאס בוך איז א מין טעאָריע פון דער אבסאלוטער מאכט, וועלכע האט געירשנט דעם נאָמען פון איר שעפער און זיך אָנגערופן מאַקיאַוועליזם. ס'זיינען דאן גע־ווען ערשט די קינדער־יארן פון דער בורזשואזער געזעלשאפט.

קאפיטל 5

## דער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם.

וואס שטארקער דער קאפיטאליזם האט זיך אנטוויקלט, אלס מער זיינען די מענשן געוואָרן אָנגעוויזן אף דער נאטור־דערקענטעניש, די צוויי וועלט־באוואוסטע מאטעמאטיקער און פיזיקער — קעפּלער און ניוטאָן האבן דערפינדן די געזעצן, לויט וועלכע די פלאנעטן באוועגן זיך ארום דער זון, דער פראנצויזישער מאטעמאטיקער און פילאָזאָף דעקאַרט האָט דערוויזן, אז דער סך־הכל פון די באוועגונגען און באוועגונגס־סבות אינ'ם וועלט־שטח זיינען שטענדיק איינע און די זעלבע, האָאָק האָט דערקלערט, ווי אזוי דאס ליכט שאפט זיך פון דער כוואליעס־באוועגונג פון די קלענסטע עטער-טיילן. דער געדאנק, אז די נאטור־דערשיינונגען זיינען אפהייננגיק איי־

נע פון די צווייטע, אז זיי זיינען א פועל יוצא פון געוויסע נאַטור־געזעצן און אז נאר אף אזא אופן דארפן זיי באטראכט ווערן, — אזא מין געדאנק האט זיך דורכגעלייגט אלץ גרעסערע און גרעסערע וועגן אין דער וויסנ־שאפט.

קאָנסעקווענטע דיינקער האָבן די זעלביקע געדאנקען אריבערגע־טראגן אפן וועזן פון איינצלנע מענטשן, — אינדיווידואומס, און שפינאָ־זאָ, איינער פון די גרעסטע פילאָזאָפן, איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט וויסנשאפטלעך און אנטשיידן באגרינדעט די לערע, אז אלע מענשלע־כע האנדלונגען זיינען א רעזולטאט פונם מענטשלעכן קערפערלעכן בוי, פון דער גייסטיקער און סאציאלער סביבה און קומען פאר לויט באשטימטע געזעצן. בלויז דאס נישט קאָנען די געזעצן האט אנטוויקלט א גלויבן, אז דער מענשלעכער ווילן איז פריי. דער גלויבן, וואס האט אין משך פון טוי־זנטער יאָרן פארנומען דאס הויפטארט אינ'ם מענשלעכן לעבן, — דער זעלבער גלויבן איז אף א וויסנשאפטלעכן אופן באזייטיקט געווארן און האָט געשאפן די מעגלעכקייט איינצוגלידערן דעם מענטשן אינם קרייז פון דער נאטור, ווי יעדער נאַטור־באשעפעניש. דער מיטלאלטערלעכער מענטש האָט זיך געשטעלט העכער פון דער נאַטור, ער האָט אויפגעשטעלט פאר זיך באזונדערע געזעצן און פעסט זיך געהאלטן באם געדאנק, אז זיין ווילן איז פריי לגבי די אנדערע באשעפענישן. שפינאָזא האט געמאכט די ער־שטע שריט צו באפרייען דעם מענטש פון אזעלכע פאלשע געדאנקען און האָט אָנגעוויזן וואס דער מענטש איז אין דערווירקלעכקייט. ער האָט דערוויזן, אז אויך דער מענטש איז נישט מער, ווי א קינד פון דער נאטור און איז אונטערגעווארפן די זעלבע געזעצן, וועלכע הערשן און באהערשן די גאנצע וועלט.

אָבער אויך שפינאָזא איז נאָך נישט געווען אפן וועג פון דער ריכ־טיקער דערקענטעניש, ווייל ער האָט זיין פילאָזאָפיש־נאטורוויסנשאפטלעכע לערע אנגעווענדט נישט אף דעם פעלקער־וועזן, נאָר אויסשליסלעך אף דעם יחיד, אף דעם אידיווידום, מ'קאן אבער נישט פארווארפן שפינאָזאָן, אז ער איז באוואוסטזיניק באגאנגען א טעות, די סבה פון אזא מין ניט־ריכטיקער אפשאצונג איז געווען אין די פראדוקציע־פארהעלטענישן פון

דער דאמאלסטיקער קאפּיטאליסטישער עפּאָכע, וועלכע האבן נאָך נישט געשאפן דעם באָדן צו מאכן רייף אזא מין פּארטיפטע און פּארברייטערטע אנשויאונג. אין דער פּארגאנגענהייט האבן זיך די קלאסנקאמפן אפּגע-שפּילט צווישן קליינע טיילן פון דער באפעלקערונג, זיי האבן טאָך דאַן נישט געטראגן קיין אלגעמיינעם כאראקטער, ווי אין די מאָדערנע צייטן; ערשט אין א עפּאָכע, אין וועלכער די גוואלדיק־אנטוויקלטע אינדוסטריע האָט געצוואונגען די מאסן ארויסצוטרעטן אויף דער ארענע פון סאציאלן קאמף, — ערשט דאַן האָט בא די וויסנשאפטלער דערוואכט דער געדאנק אנצואווענדן אין דער אנטוויקלונג פון דער געשיכטע דעם געזעץ פון נויט־ווענדיקייט. שפּינאָזאס פילאזאפיע האָט געדינט פאר א יסוד צום אויפבויען דעם ריזיקן וויסנשאפטלעכן בנין, וועלכן ס'האבן אויפגעשטעלט אין נײַנ־צענטן יארהונדערט די פארטרעטער פון פּראלעטאריאט. אין דער היגזיכט פארנעמט שפּינאָזא א בכבודיקן אָרט צווישן די פאָרלויפער פון קאַרל מארקס.

אינם אכטצענטן יארהונדערט האבן די וויסנשאפטלער און פארשער ווייטער אנטוויקלט און אויסגעברייטערט שפּינאָזאס לערע, וועלכע האָט מיט זיך מיטגעבראכט א נייע עפּאָכע פאר א נייער וועלט־אויפפאסונג. באַ־זונדערס האבן די ענגלישע פילאָזאָפן אריינגעצויגן די סבה פון מענטש-לעכן דענקען אינם קרייז פון זייערע וויסנשאפטלעכע שטודיעס. די פריער־דיקע מיינונג, אז דער מענטש ווערט געבוירן צוזאמען מיט די אידייען איז לחלוטין אָפּגעוואָרפן געוואָרן און מ'האָט שוין דערפאַרן, אז אלע אידייען ווערן פון אויסן אריינגעצויגן אינם אוצר פונם מענטשלעכן דענקען. דאס איז געווען אן התחלה צו שאפן א פעסטן באָדן פארן מאטע־ריאליסטישן דערקלערן די געהיימנישפולע פונקציעס פון מענטשלעכן קערפּער.

אזוי ארום איז די פילאזאפיע אוועק אפן וועג פון מאטעריאליזם. אָבער דער קעגנשטאַנד פון אירע באטראכטונגען איז געווען דער איינ־צעלנער מענטש, דער יחיד. דער פילאזאפישער מאטעריאליזם האָט דער־קלערט אלע זאכן פון זייער טויטן דאָזיין און נישט פון זייער לעבעדיקער אנטוויקלונג און דערפאר איז ער אין זיינע אויפפאסונגען געווען באַ־

גרענעצט און נישט דערגרייכט צו רייפקייט. אין שפיץ פון זיינע אויפפאסונגען האט דער פילאזאפישער מאטעריאליזם אוועקגעשטעלט די באגריפן וועגן דעם אייביקן, שטאנדהאפטיקן און ניט פארשטענדלעכן. ער האט זיך באשעפטיקט מיט די אזוי־גערופענע אבסאלוטע אמתן, אוועקגע־שטעלטע אויסער רוים און צייט. אין דער ווירקלעכקייט זיינען די אמתן געווען געטראגן פון אידייען, אנטשטאנענע אדאנק דעם סאציאלן בנין, אבער דאס זיינען געווען געדאנקען פון אן עפאכע, באגרענעצט אין רוים און אין צייט און דערפאר זיינען זיי געבליבן די באגרענעצטע, אבער אין א געוויסער מאס בפרושע ריכטיקייטן. האט דער מיטלאלטערלעכער קאטאלי־ציזם באטראכט די מענטשלעכע מדות לויט די געטלעכע געזעצן, — האבן די פילאזאפישע מאטעריאליסטן פארוואנדלט די מענטשלעכע געזעצן אין איי־ביקע געזעצן, וואס אנטשפרעכן דעם אבסאלוטן שכל און געפונען זיך אינם מענטשלעכן דענקען גופא. און דער פראקלאמירטער שכל איז גע־ווען נישט מער, ווי דער שכל פונם בורזשוא־מענטשן פון נײַנצעטן יאר־הונדערט.

און דאך איז דאס געווען א באדייטנדיקער שריט פאראויס. די באַ־דייטונג פון דעם מאטעריאליזם, די קאנסעקווענטעסטע פארטרעטער פון וועלכע ס׳זיינען געווען די פראנצויזישע ענציקלאפעדיסטן, דארף מען ווייניקער זוכן אפן טעארעטישן געביט ווי אין זיין פראקטישקייט, דאס איז געווען א רעאקציע קעגן אלעס, וואס איז מענטשנפיינדלעך; קעגן אלעס, וואס דער קלויסטער האט ארויסגעשטעלט אין דער ערשטער רייע, טריי־סטנדיק די אריִמע און עלנטע מיט עולם־הבא, ס׳איז געווען א מעכטיקער רוף, דער מענטש זאל אנווענדן אלע זיינע גייסטיקע און פיזישע פעי־קייטן אויסשליסלעך אפן עולם־הזה און זאל זוכן דעם צוועק פון לעבן אינם מענטשלעכן זיין.

### קאפיטל 6

## ערב דער פראנצויזישער רעוואלוציע

די מיטלאלטערלעכע געזעלשאפטלעך־סאציאלע און רעליגיעזע אר־דנונג האט ארומגעצוימט דעם מענטשן פון אלע זייטן, האט אים אין אלעם באגרעניצט און נישט דערלאזט, אז דער מענטש זאל זיין דער פולקאמער

באַלעבאָס איבער זיך אַליין, איבער זיינע אייגענע גייסטיקע און קערפּער־לעכע כּוחות. אָבער אַזאַ צושטאַנד האָט לאַנג נישט געקאָנט דויערן, ווייל דער קרעפּטיקער מענטשלעכער אינדיווידואַליזם האָט געמוזט האָבן אַ ברייט־טערן שטח פאַר זיין טעטיקייט. דער מענטש האָט אָבער נאָך נישט גע־קענט באַגרייפן די נויטווענדיקייט צו באַטראַכטן די פּערזענלעכע און מלוכה־פרייהייט פון אַ היסטאָרישן באַוועגונגס־פּראָצעס, ווייל דער מענטש האָט זיך גופא געהאַלטן פאַר דער צענטראַלער פיגור פון גאַנצן לעבנס־פּראָצעס. דער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם האָט אַריינגעבראַכט אַפן אָרט פונם היסטאָריש־רעליגיעזע רעכט דאָס נאַטור־רעכט, אין וועלכן דער נייער מענטש האָט אויסגעפונען דעם דערוואַכטן אייביקן שׂכל. פאַרן וויסנ־שאַפטלעכן אויפפאַסן די געשיכטע האָט דער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם נישט געבראַכט קיינע נוצן, — אף דעם געביט איז ער געווען לחלוטין נישט־פּרוכטבאַר און צוליב דעם, ווייל דאָס לעבן פון פעלקער און מענטשן האָט ער באַטראַכט אין אַ שטח פון אַ גע־וויסן אפגעשלאָסענעם קרייז, אנשטאָט, אַנצונעמען אַ גראַדע ליניע, וואָס האַלט אין איין ציען זיך אומבאַגרעניצט פאָראויס. דער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם האָט באַטראַכט די פריערדיקע געשיכטע פונם שטאַנדפּונקט פון זעלבסטשטענדיקער מענטשלעכער ווירדע און אַב־סאָלוטן שׂכל און זיין גאַנצע שטרעבונג איז געווען צו גרינדן אַזאַ מין מלוכה, אין וועלכער דאָס הויפּטאָרט זאָל פאַרנעמען דער אַבסאָלוטער מענטשלעכער יושר. די דענקער, וואָס האָבן פאַרטראַטן דעם שטאַנדפּונקט, האָבן באַוויזן צו באַהערשן דאָס גייסטיקע לעבן פון די ציוויליזירטע פעלקער אין אַ משך צייט ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און אויב זיי האָבן נישט געפונען דעם ריכטיקן וועג, איז עס דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך צופיל מטפל געווען מיטן געדאַנק וועגן דעם זין פון זאַכן און געשעע־נישן. די דערמאַנטע דענקער זיינען געווען איבערצייגט, אַז די וויכטיקסטע אויפגאַבע אין לעבן באַשטייט אינם דערנענטערן די מענטשהייט און די וועלט־געשיכטע צו די באַגריפן פון מאָראַל און שׂכל. אַזעלכע גרויסע דענ־קער, ווי וואָלטער, רוסאָ, דידראָ, קאָנדאָרסע האָבן אַרויסגעלאָזט דעם רוף פון פרייהייט, ברידערלעכקייט און גלייכהייט און ווי אַ העל־לעכטיקער

בליץ האט דאס דורכגעשניטן די פארדעמפטע אטמאָספערע פון דעם גוסס־דיקן פעאָדאַליזם, ס'איז געווען א צייט, בעת די בורזשואזיע, וועלכע האט אָנגעהויבן צו בליען אפן פוילנדיקן קערפער פון פעאָדאַליזם, האָט נאָך רעוואלוציאנער געדענקט און געפילט.

און ווען דער בורזשואזיע האט יאָ געלינגען צו באזייטיקן די פעאָדאַלע אָרדנונג, האָט זי דוקא געהאט די גוטע כונה צו רעקאָנסטרואירן די מלוכה אין הסכם מיט די שכל־פּאָסטולאטן, ארויסגעשטעלטע דורכן פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם. אליין האט זיך עס אבער ארויסגעוויזן פאר נישט-מעגלעך, ווייל די סאציאלע אינסטיטוציעס, נויטווענדיקע פארן קאפּיטאַליזם, זיינען גלייך אריין אין קאָנפליקט מיט די רעוואלוציאנערע לאָזונגען פון גלייכהייט, פרייהייט און ברודערלעכקייט, וועלכע האָבן געהאט זייער ארט אינם פראָקלאמירטן אבסאלוטן שכל, און וועלכע זיינען מיט שטארקן אייפער פארטיידיקט געווארן דורך די העלדן פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע, ווי ראבעספיער, דאַנטאָן, סען־זשוסט און אנדערע. פון איין זייט האָט מען געהאלטן, אז די קאפּיטאליסטישע אייגנטום־פארהעלטענישן זיינען אייביקע איינריכטונגען, וואס וועלן שטענדיק בלייבן אומפארענדלעך, פון דער צווייטער זייט ווידער האָט דער אבסאלוטער שכל געפאדערט די אומבאדינגטע גלייכהייט פון דעם אלעס, וואס האָט א מענטש לעך אויסזעען.

דער אינהאלט פון די גלייכהייטס־אידעען האָט אבער בלויז אויסן געווען צום פארגייסט'יקן די גראָב־זינלעכע באדינגונגען פון דער קאפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. פארווירקלעכן די לעצטע וואָלט געווען מעגלעך, נאָר דאַן, ווען אלע אייגנטימער פון פארשידענע אויסארבעטונגען, וואס דארפן פארקויפט ווערן, זאלן זיין צווישן זיך אלע גלייך. ריכטיק האָט קארל מארקס אָנגעוויזן, אז די פערזענלעכקייט פונם סחורה־אייגנטימער ווערט פארשלונגען אין דער אומפערזענלעכקייט פון דעם פּראָדוקט און קאַפּיטאַל. פּראָדוקטן, וואָס ווערן אויסגעארבעט דורך מאשינען, האבן אף זיך נישט קיינע אויפשריפטן, ווער איז זייער באלעבאס און ווער האָט זיי פּראָדוצירט. פּראָדוקטן אין באציאונג איינע צו די צווייטע זיינען נישט די ארבעט פון דעם אַדער יענעם פערזאָן, — זיי זיינען פּראָדוקטן אין

וועלכע ס'איז אריינגעליינט אלגעמיינע מענטשלעכע מי און ארבעט.

דערגרייכנדיק א באשטימטע שטופע פון אנטוויקלונג, האט די קאפיטאליסטישע פראדוקציע געפאדערט, אז צוזאמען מיט דער גלייכהייט פון די פראדוקטן-באזיצער, זאל אויך זיין א גלייכהייט פון ארבעטער. דאס איז געווען א נויטווענדיקער געזעץ. דער קאפיטאליסט קאן געברויכן נאר פרייע ארבעטס-קרעפטן, אזוי האבן געפאדערט די קאפיטאליסטישע סאָציאלע פארהעלטנישן און פון דעם איז אויך ארויסגעוואקסן די נויטווענדיקייט אומצוטוישן די בולטע נישט-גלייכהייט, וואס האט עקזיסטירט אין די פעאדאלע צייטן און באזייטיקן דאס לייבאייגנטום. אזא מין פראצעס איז פארגעקומען אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער אינם נייַנצעגנטן און אנהויב צוואנציקסטן יארהונדערט.

דעם רוף צו פרייהייט, וואס די רעוואלוציע האט פראקלאמירט, האט געפונען זיין פארוויקלעכונג אינם אפשאפן די שטייער-פריווילעגיעס, מיט וועלכע ס'האבן זיך באנוצט די פריווילעגירטע שיכטן און אינם באזייטיקן די לעצטע רעשטלאך פון פעאדאליזם. די אלע אנדערע פאדערונגען, וועלכע די פירער פון דער רעוואלוציע האבן ארויסגעשטעלט אין הסכם מיטן אבסאלוטן שכל, זיינען צעשלאגן געווארן אינם ווידערשטאנדפעיקן כוח פון די עקזיסטירנדיקע פראדוקציע-פארהעלטענישן.

די מלוכה, אויסגעבויעט דורך דער בורזשואזיע אויף די חורבות פונם פעאדאליזם, האט ווייניק געראהנעט וועגן אן אידעאלער געשיכטע-אויפפאסונג, ווי די לעצטע האט אויסגעזעען אין דער ווירקלעכקייט און וויאזוי ס'האבן זי אויסגעטיימשט די רעוואלוציאנערע גייסטער, וועלכע האבן מקריב געווען זייער לעבן פאר די אידעען. די רעאקציאנער-לאגישע ווירקלעכקייט האט ווידעראמאל אפגעהאלטן א נצחון איבער די הומאניטארע אבער נישט-לאגישע לערן פון די מאראליסטן.

אויף אזא אופן איז אנטשטאנען די קאפיטאליסטישע מלוכה געשטיצט אפן כוח פון שווערד און געלטזאק. די הערשנדיקע בורזשואזיע האט אפשר אפילו נישט ווילנדיק אנגעהויבן אויפצושטעלן א קבר פאר זיך גופא און האט געווים לחלוטין אובאוואוסט בייגעטראגן צום מאטעריאל פאר דער נאטור און געשיכטע-ווויסנשאפטן, — מאטעריאל, וועלכער איז געווען נויי־

טיק פארן אומוואנדלען די געשיכטע-אויפפאסונג אינם זין פון אן אויס־געברייטערטן מאטעריאליזם און מיט דעם אויך אויפשטעלן די וויסנ־שאפטלעכע יסודות פונם מאדערנעם סאציאליזם.

קאפיטל 7

## נאך דער פראנצויזישער רעוואלוציע.

דער שטורם פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע האט נישט בלויז חרוב געמאכט די אלטע געזעלשאפטלעכע איינריכטונגען, נאר אויך גע־מאכט אן ענדע צו די אלטע מעטאדן אין דער וויסנשאפט. דער אנטוויק־לונגס־געדאנק אינם נאטור-און פעלקער־לעבן האט אנגעהויבן צו פארנע־מען א וויכטיקן ארט אינם דענקען און האט דערגרייכט צו דער מדרגה פון א וויסנשאפטלעכן יסוד, די וויסנשאפטלעכע מעטאדן האבן געמאכט אלץ גרעסערע פארשריטן, ביז זיי האבן אריינגעצויגן אין זייער קרייז דאס גאנצע נאטור-און מענטשן־לעבן.

די בורזשואזיע, וועלכע האט אין איר אויפגעברויזטן רעוואלוציא־נערן כעס צעשמעטערט די זייטן פון פעאדאליזם; אין דער צייט ווען זי האט נאך צוזאמענגעבונדן איר יוגנטלעכן אידעאליזם מיטן קראפטבא־וואוסטזיין פון איר רייפן עלטער, — האט זי אלע אירע גייסטיקע טאטן געווענדעט קעגן דער רעליגיע מיטן גאנצן שימל, וועלכן די רעליגיע האט געירשנט פון די אלטע צייטן. אלע רעליגיעזע דיסקוסיעס פון מיטלאלטער, און די וויסנשאפטלעכע דיספוטן פון דער נייער צייט האבן זיך פארנומען מיטן קלאר מאכן די פאזיטיווע און נעגאטיווע זייטן פון דער רעליגיע מיט אירע שאדנס און נוצן פאר דער מענטשהייט.

אינם ברען פון די וויכוחים איז אין דייטשלאנד אנטשטאנען א שארפ־זיניקער געניאלער דענקער, וועלכער האט אנגעוויזן, אז די פראגע וועגן רעליגיע איז פאלש אוועקגעשטעלט געווארן. די קריטיק דארף באטראכטן די רעליגיע נישט אין איר איזאלירטן צושטאנד, נאר אין צוזאמענהאנג מיטן גאנצן קאמפלעקס פון די געזעלשאפטלעכע איינריכטונגען, וועלכע האלטן זיך אין איין אנטוויקלען. אט דער דענקער איז געווען דער דייטשער דיכטער לעסינג, וועלכער האט זיך געשטעלט די אויפגאבע פארשן די רע־

ליגיע לויט איר פסיכאָלאָגישן מהות און געזעלשאַפטלעכער נויטוועגדי־קייט. לעסינג האָט נישט געקאַרגט קיין שאַרפע אויסדרוקן קעגן דער רע־ליגיע, באַטאָנענדיק איר נאַטירלעכן טויט און דערפאַר האָט ער טאַקע גע־האַט פיל שונאים מצד די גלויביקע און גייסטלעכע פון יענער צייט.

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די טעאָריע, וועלכע לעסינג האָט אַנטוויקלט, איז אין אַלע אירע איינצלהייטן געווען שטאַרק באַאייג־פלוסט פון די נייע ווירקונגען און אַנשויאונגען. לעסינג איז געווען שפּי־נאָזאַס א באַגייסטערטער תלמיד און ווי שפּינאָזא, וועלכער איז געווען דער גענויאַלסטער פאַרטרעטער פונם וויסנשאַפטלעכן מאָניזם, וואָס האָט דורכ־געזאַפּט זיין לערע מיט די אויסדרוקן, אַנטשטאַנענע פון די דואַליסטישע אַנשויאונגען, אַזוי האָט אויך לעסינג גענומען די זעלבע באַגריפן, אין וועלכע ער האָט איינגעהילט זיינע אידעען, וואָס האָבן זיך געפינען אין א סתירה צו די אַנשויאונגען, צו וועלכע די מענטשהייט האָט אַזוי גע־טריי געדינט.

לעסינגס קולטורהיסטאָרישע לייסטונג איז באַשטאַנען אינם אַנווייזן נייע וועגן דער קריטיק, פאַרענטפערן די פראַגע פון א מאַטעריאַליסטישן אויפפאַסן די געשיכטע האָט אים נישט געלונגען. לעסינג האָט געוואָלט אויסטייטשן די אַנטוויקלונגס־געזעצן פון דער רעליגיע נישט פון א רעאַלן יסוד, נישט פון די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקציע־און פאַרטיילונגס־פאַר־העלטעגישן, נאָר פון אַן אינדרויסגענומענעם צוועק. ער האָט אָבער אָנגע־וויזן, אַז די רעליגיע האָט זיך אַנטוויקלט אין הסכם מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. צוליבן מצב פון דער דעמאָלסטיקער וויסנשאַפט איז ער נאָך נישט געווען ביכולת אויפצודעקן די אַנגילטיקע סבה פון דער אַנט־וויקלונג. ס'איז נאָך דאַן נישט געשאַפן געוואָרן דערצו דער נויטיקער מאַ־טעריאַל און נישט האָבנדיק די ריכטיקע ליניע איז בא לעסינגען דאָס אויפ־פאַסן די רעליגיע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מין פּעדאַגאָגישן ענין.

לעסינג האָט זיך נישט באַניגנט בלויז מיטן דורכלייכטן דאָס פינס־טערניש, מיט וועלכער מ'האָט אַרומגערינגלט און פאַרפעסטיקט די רע־ליגיע, — מיט דעם אַליין האָט ער זיך נישט באַניגנט. ער האָט אויך פּראָבירט צו אַנטשיידן דאָס רעטעניש פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפ־

און דעם מהות פון מלוכה און ס'האט אים געלונגען אנצווייזן, אז דאס עקזיסטירן פון דער מלוכה איז א פועל־יוצא פון די אייגנטום־פארהעלטע־נישן אין דער געזעלשאפט, און וועלכער די מלוכה איז דאס מאכט־מיטל אין די הענט פון די הערשנדיקע קלאסן.

די פראנצויזישע רעוואלוציע האט געבראכט צו אן אנטגילטיקן אי־בערברוך אינם פאליטישן אינדעפערענטיזם און האט פארוואנדלט די מענטשלעכע געזעלשאפט אין אן אידעען־קרייז פון באטראכטונג פאר דענ־קער. פילאזאפן האבן אויפגעשטעלט פארשידענע סיסטעמען, וועלכע זיינען אבער אין זייער באדייטונג געווען גאנץ מאגער און מינדערווערטיק, ביז ס'איז אנטשטאנען העגעלס טעאריע וועגן דעם אוניווערסאלן גייסט, וואס האט געשאפן נייע יסודות פאר דער וויסנשאפט.

העגעל איז פארשידנארטיק פון די אנדערע פילאזאפן פון זיין צייט. נישט מיטן אינהאלט פון זיין פילאזאפיע, נאר מיטן נייעם מעטאד, וועלכן ער האט געשאפן. העגעל האט געלעבט אין אן אטמאספערע און אין אקרייז, וואס איז געווען איבערגעפולט פון אידעאליסטישע טרוימערייען און פראַ־זעאלאגיעס. דער ראמאנטיזם האט דאן געלאזט טיפע ווארצלען אין לעבן און אין דער געזעלשאפט. די שטרעבונג פון דער וויסנשאפט, דאס גאנצע אנשטרענגען פון די כוחות איז געווען געווענדעט אפן אויסגעפינען א נייעם גאט פאר דער מענטשהייט אינם זינען פון אבסאלוטן — גוטס און אייביקן שכל. אויך העגעל האט זיך געשטעלט דיזעלבע אויפגאבע און ער איז ארייננעפאלן אין א טעות, אז מ'קאן די נאטור-און קולטור־דערשיינונ־גען ארייננברענגען אין א פעסט־אפגעשלאסענעם קרייז און צו זיי אנווענדן די מאס פון אבסאלוטן.

אבער ניט־קוקנדיק אף דעם, האט ער געהאט א באדייטנדיקע וויר־קונג אף דער קינפטיקער וויסנשאפט, ער איז געווען דער געניאלער אנט־דעקער פון דעם נייעם מעטאד אינם פארשן די וויסנשאפט — ער האט אנט־דעקט דעם דיאלעקטישן מעטאד. ער האט דער ערשטער ארייננעטראגן אין שפינאזאס פארמולס „די נויטווענדיקייט פון אלע דערשיינונגען” א גייסט פון וויסנשאפטלעכער פארשטענדעניש. צום ערשטן מאל איז די געשיכטע פארגעשטעלט געווארן, ווי א גאנצקייט, וועלכע באשטייט פון דערשיינונ־

גען, וואס באריר̃ן איינע אין די אנדערע און זיינען פארבונדן איינע מיט די צווייטע דורך א אייזערנער נויטוועגדיקייט. די פראנצויזישע מאַטעריאַליסטן האָבן פארשטאנען די געשיכטע, ווי אן איינפאכע באשרייבונג פון רויבערייען; די רעליגיעס זיינען געווען פאר זיי סיסטעמען, מיט וועלכע אייניקע שווינדלער און טיראנען האבן זיך באנוצט צום אונטערדריקן די מענטשהייט; די רעכטלעכע אנשויאונגען האָבן געטראָגן א ווילקירלעכן כאראקטער און האָבן געדינט אויסשליסלעך לטובת די אינטערעסן פון די יחידים. דאס אלעס איז איבערגערעווידירט געווארן אין אן ארגאַנישן צוזאמענהאנג מיט דער פארגאנגענהייט. העגעלס פארמול: „אלעס, וואָס עקזיסטירט איז שכלדיק” האָט באדייטן, אז אלע דערשיינונגען אין דער געשיכטע האָבן אונטער זיך א געוויסן יסוד און דערפאר זיינען זיי נויטוועגדיק און שכלדיק.

דאס גלייכבארעכטיקן די באגריפן־נויטוועגדיקייט און שכל — איז געווען א באדייטנדיק־ווירקנדיקער שריט אין דער פילאָזאָפיע. מ׳האָט אויך משער געווען, אז העגעל האט מיט דעם געבראכט א טויטקלאפּ דער אידעע פונם אבסאָלוט־גוטן און שכלדיקן. אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז עס ניט געווען אזוי. דאס איז בלויז געווען דער דיאַלעקטישער אינהאלט פון זיין פילאָזאָפיע, וועלכער האָט אין זיך פארמאגט רעוואָלוציאָנערע מאָמענטן, פעאיקע צו א ווייטערער אנטוויקלונג. און צוליב דעם איז אויך פאָרגעקומען דער קאָנפליקט צווישן זיין אנטוויקלונגס־טעאָריע און דעם אָפּגעשלאָסענעם פילאָזאָפישן סיסטעם. אף איין זייט איז געווען די נויטוועגדיקייט און אנטוויקלונג, אף דער אנדערער — דער מענטשלעכער ווילן צו פרייהייט און דער אבסאָלוטער אמת. און כדי צו פארבינדן די ביידע אין איין גאנצן בנין, האָט העגעל אנגענומען די אנטוויקלונג, ווי א צענטראל־פונקט, דער אויסערסטער ציל פון וועלכן איז די מלוכה, וואס האָט איר יסוד אינם שכל. אנדערש קאן עס הייסן, אז ער האָט דערקלערט די אנטוויקלונג נישט ווי אזעלבסטשטענדיקן רעזולטאט, נאָר ווי א פועל־יוצא פון דער אידעע.

און דאך האט זיין פילאָזאָפיע אין זיך געהאט געזונטע און אנטוויקלונגס־

פעאיקע עלעמענטן, וועלכע האָט בא א ווייטערער אנטוויקלונג געבראכט באדייטנדיקע נוצן פאר דער וויסנשאפט.

קאפיטל 8

## דער קאַמף צווישן די נאַטורוויסנשאַפטלעכע ריכטונגען

ניט נאר אין דער פילאָזאָפיע, אויך אין די נאטורוויסנשאפטן איז פאָרגעקומען א קאמף צווישן צוויי ריכטונגען. די ערשטע ריכטונג האט זיך געהאלטן באם אנטוויקלונגס־באגריף, די צווייטע ווידער ריכטונג האָט פארטראטן דעם שטאנדפונקט, אז אלע דערשיינונגען זיינען אייביקע און, ענדערן זיך קיינמאָל ניט. די ערשטע ריכטונג האָט געהאט אויסצושטיין א שווערן קאמף, פון וועלכן זי איז נאָך גרויסע אנשטרענגונגען ארויס מיט נצחון. אין די נאטורוויסנשאפטן האָט געהערשט אן איבערצייגונג, אז אינם וועלט־שטח עקזיסטירן פיל זעלבסטשטענדיקע אייביק־טעמיקע פאקטאָרן. ליכט, ווארימקייט, עלעקטרע און אנדערע דערשיינונגען האָט די נאטורוויסנשאפט באטראכט, ווי כוחות, איינגעפלאנצטע אין דער מאַטעריע, אָבער לחלוטין זעלבסטשטענדיקע, איינע פון די צווייטע אפּגעטיילטע. די צווייטע ריכטונג האָט באגריפן די ניט־ריכטיקייט פון אזא מין אויפפאסונג, און האט אויפגעהויבן קעגן איר א קאמף, דערווייזנדיק, אז אלע אן אויסנאם כוחות, וואָס זיינען טעטיק אינם וועלט־שטח, זיינען צווישן זיך באהעפט און זייער דערשיינען איז א רעזולטאט פון א סומירטן כוח. אלע דערשיינענדיקע כוחות דארפן דערקלערט ווערן פונם געזעץ, פארוואנדלען די ענערגיע פון דער אומגעוואנדלטער אורשפרונגלעכער מאַלעקולע אין א באוועגונגס־, צוציאונגס־ און אפשטויס־קראפט— באוועגונג.

דער געדאנק אנווענדן דעם אנטוויקלונגס געזעץ אף אלע נאטור־דערשיינונגען האָט גורם געווען צו וויכטיקע רעזולטאטן אין די נאטור־וויסנשאפטן. עקספערימענטן האבן באוויזן, אז די מחיצות צווישן פעסטע, פליסיקע און גאזפאָרמיקע שטאָפן ליגן נישט אין די זאכן זעלבסט, נאָר אין דער ארומיקער סביבה. אבער ס'איז נאָך געווען א פעסט־אפּגעגרעניצטער מויער צווישן חיות און פלאנצן. די דייטשע נאטור־וויסנשאפט־

לער שוואן און ווירכאָוו האָבן די גרעניצן צעשטערט. די ביידע נאטור־וויסנשאפטלער האבן מיקראסקאָפּיש אויסגעפאָרשט די קלענסטע באַש־טאַנד־טיילן פון די חיות און פלאנצן און האבן אנטדעקט, אז די קער־פּערס סיי פון די ערשטע, סיי פון די צווייטע ווערן צוזאמענגעזעצט פון גאָר־קליינינקע קעמערלעך, וועלכע זיינען אויך די טרעגער פונם אינדי־ווידועלן לעבן. דורך דעם איז געשאפן געווארן די פולקאמע איינהייט אין דער גאנצער ארגאנישער נאטור.

אבער דער מענטש אליין איז נאָך נישט געווען איינגעקרייזט אינם לעבן פון דער אלגעמיינער נאַטור. אין משך פון טויזנטער יארן האָט גע־הערשט א געדאנק, אז אינם מענטשלעכן ארגאניזם איז עפּעס פאראן א מין מיסטישער כוח, א מין לעבנסקראפט, וועלכן מ׳קאן אין ערגעץ נישט געפונען אין דער נאטור. אויך אף דעם געביט איז דערוויזן געווארן, אז אינם מענטשלעכן ארגאניזם ווירקן די זעלבע איינפאכע נאטור־כוחות, ווי אין דער גאנצער נאַטור־וועלט און בלויז אין א פארענדערטער פאָרם.

מיט דעם איז צעשטערט געווארן די לעצטע פעסטונג, וועלכע האָט זיך אנטקעגנגעשטעלט דעם געדאנק, אז בא חיות און פלאנצן זיינען די מינים אפּגעגרעניצט איינע פון די צווייטע און ענדערן זיך קיינמאל נישט אין זייער באשטאנד. דעם מענטשלעכן דענקנדיקן גייסט האָט געלונגען צו דערווייזן און אויפצושטעלן א טעאָריע, אז אלע מינים זיינען אנט־שטאנען אינם קאמף פאר דאַזיין און א דאנק דער מאכט פון ירושה־אי־בערגאנגן און אָט דער זעלבער געזעץ הערשט פון אייביקע צייטן אָן אין דער נאטור. געטע, סען־הילער, לאַמאַרק, העגעל האבן מיט זייער אינטואי־טיוו־אנטוויקלטן חוש באגרייפן דעם געזעץ, ביז ס׳איז געקומען דער סינ־טעטישער גייסט פון טשארלז דארווין און האָט אין 1859־טן יאר עקס־פּערימענטאל־וויסנשאפטלעך באגרינדעט „די אנטשטייאונג פון די מינים״.

די נייע וועלט-היסטאָרישע, וויסנשאפטלעכע דערקענטעניש האָט געהאַט אן אומגעהויער־גרויסע ווירקונג אף דער אנטוויקלונג פון אנדערע וויסנ־שאפטן.

קאפיטל 9

# אפן וועג צו א מאַטעריאַליסטישן אויפפאַסן די געשיכטע

די דיכטער און דענקער האָבן אויפגעפאסט דעם קאמף פון דער בורזשואזיע ווי אן קאמף פאר דער באפרייאונג פון דער מענטשהייט, — ס'איז אָבער בלויז געווען א דיכטערישע פאנטאזיע. ניט נאר די בורזשואזיע האָט ניט פארווירקלעכט די עלעמענטארע גלייכהייט, אָבער גאר אין קעגנטייל! מיט דער אנטוויקלונג פון אירע סאציאלע יסודות האָט זי באשאפן א נייעם קלאס פון אונטערדריקטע, וועלכער איז אין זיין צאָל געווען פיל גרעסער, ווי די צאָל שקלאפן אין אלטערטום און אומזיכערער אין זיין עקזיסטענץ, ווי דער לייבאייגענער פון די מיטלאלטערלעכע צייטן. אָבער פון דער צווייטער זייט האָט די אינדוסטריע, די שעפערן פונם בירגערלעכן רייכטום, קאנצענטרירט אין די פאבריק־שטעט גרויסע מאסן ארבעטער און פארוואנדלט זיי אין א מאכט, וועלכע די זעלבע מאסן האָבן בא די פריערדיקע איזאָלירטע ארבעטס-פארהעלטענישן נישט פארמאגט.

די פרייהייט און גלייכהייט־אידייען, וועלכע די פראנצויזישע רעוואלוציע האָט פראקלאמירט צווישן אלע קלאסן פון אלע לענדער, האָבן ארויסגערופן נייע שטרעבונגען צווישן די ארבעטער־מאסן, וועלכע האבן אָנגעהויבן צו באנעמען און אנערקענען דעם עלנט פון זייער אייגענער עקזיסטענץ. פראנקרייך האָט געווארפן די ערשטע שטראלן, די צווייטע זייענען געקומען פון ענגלאנד. דער אויפשטאנד פון די פראנצויזישע ארבעטער אין ליאָן אין 1834־טן יאר און די ענגלישע טשאַרטיסטן־באוועגונג, — דאָס זיינען געווען די ערשטע קאמף־בשורות. די בשורות האבן ארויסגערופן א פחד בא די פארמעגלעכע קלאסן און געזייט צווישן זיי א פּאַניק, אָבער, באַ די ארבעטער מאסן פון דער גאָרער וועלט האָט דאָס ארויסגערופן אליידנשאפטלעכע באגייסטערונג.

אין די ארבעטער מאסן, וועלכע זיינען געווען ווי שטומע און געארבעט פארן וואוילטאג פון די הערשנדיקע קלאסן, האָט אויפגעוואכט דער באוואוסטזיין, און געשטארקטע דורך דער קאנצענטרירטקייט אין גרויסע מאסן האבן זיי אָנגעהויבן ארויסצואווייזן א ווידערשטאנד דעם עקזיס־

טירנדיקן געזעלשאפטלעכן סיסטעם. קיינער נישט, אזוי פיל ווי די אינ־דוסטריע גופא האָט אוועקגעשטעלט די מאסן אויף די פאָדערשטע פאָ־זיציעס פונם פאָליטישן לעבן און די וויסנשאפט איז געווען געצוואונגען צו פאראינטערעסירן זיך מיט דער נייער געזעלשאפטלעכער דערשיינונג.

די נייע דערשיינונג האָט אָנגעהויבן צו וועבן א פעדימל, אז די גע־שיכטע ווערט געמאכט נישט פון פירשטן און זייערע מלחמות, נאָר דורך די קאמפן, וועלכע איין קלאס פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט פירט קעגן דעם צווייטן און די זעלבע קאמפן, קלאסן־קאמפן, זיינען די ריכ־טיקע סיבה פונם געזעלשאפטלעכן פראגרעס און גייסטיקן לעבן. אין אזא מאָמענט האָט די אומאָפּהענגיקע וויסנשאפט געמוזט ווערן די פארטרע־טערן פון די אַרבעטער־מאסן, פונם אזוי־גערופענעם פראָלעטאריאט.

און ס'איז א מערקווירדיקע דערשיינונג: אינם זעלבן יאר, וואס דאַר־ווינס רעוואלוציאָנער ווערק האָט געמאכט אן איבערקערעניש אין די נאטור־וויסנשאפטן, אינם זעלבן יאר האָט קארל מארקס פארעפנטלעכט זיין ערשט ווערק, וועלכעס איז אין צען יאר שפּעטער פארוואנדלט געווא־רן אין זיין אומשטערבלעכן „קאפּיטאל", וואס האָט געבראכט צו נייע דערקענטענישן אינם געזעלשאפטלעכן לעבן און געמאכט א רעוואלוציע אין די סאציאל־פּאָליטישע אויפפאסונגען.

מארקס ווערק האָט צושטערט דעם פעטיש פונם העגעלשן אידעאליזם, אָבער העגעלס אנטוויקלונגס־טעאָריע האָט געפונען איר ריכטיקן תיקון. אָנווענדנדיק העגעלס אנטוויקלונגס־געדאנק, האָט קארל מארקס מיט א וויסנשאַפטלעכער שטרענגקייט און סטאטיסטישע באווייזן תופס געווען די אנטוויקלונגס־געזעצן פון דער קאפּיטאליסטישער עפּאָכע.

דער מאטעריאליזם איז ווידער אריין אין זיינע גרעניצן, אָבער ניט אָננעמענדיק די ענגע און קרומע אלטוועטימלעכע פארמען, נאָר א באניי־טער מיט די רעזולטאטן פון דער פילאזאפיע, נאטור־וויסנשאפטן און יונגערער געשיכטע.

ערשט נאָכדעם איז געווארן מעגלעך צו קאנסטאטירן א ריכטיקע גע־שיכטע-אויפפאסונג אויף ריין מאטעריאליסטישער יסודות, וועלכע זאל

רינען צום אויפשטעלן דעם שטארקן וויסנשאפטלעכן בנין פארן סאציא־ליזם מיט זיינע פארצווייגטע גראנדיעזע קלאסן־קאמפן.

קאפיטל 10

# מארקס מאטעריאליסטישע געשיכטע־אויפפאסונג

אלע דערגרייכונגען אפן געביט פון דער מאטעריאליסטישער נאטור־און געשיכטע־אויפפאסונגען זיינען רעזולטאטן פון די פרוכטבארע אר־בעטן פון טשארלז דארווין און קארל מארקס. פארשיידן זיינען געווען די געביטן פון זייער וויסנשאפטלעכער טעטיקייט, מיט פארשידענע מיטלען האבן זיי זיך באנוצט אין זייערע ארבעטן, — די רעזולטאטן זיינען אבער אלגעמיינע.

מיט דער הילף פון די נאטור־וויסנשאפטלעכע עקספערימענטן האט דארווין אנטדעקט די סתירות אין דער קערפערלעכער אנטוויקלונג פון די ארגאנישע באשעפענישן און האט דערוויזן, אז זייער אנטוויקלונג איז א פועל־יוצא פון מאטעריעלע פארהעלטענישן. ווידער מארקס האט מיט דער הילף פונם געשיכטעלכן פארגלייכן און סטאטיסטיק אויפגעדעקט, אז די באוועגונגס־געזעצן פון דער געשיכטע זיינען נישט קיין רעזולטאט פון אומבאשטימטע העכערע כוחות און נישט קיין ווערק פון א יחיד, נאר א פועל־יוצא פון מאטעריעלע פארהעלטענישן, אף וועלכע ס'באזירט זיך די מענטשלעכע געזעלשאפט. דער זעלבער אנטוויקלונגס געדאנק איז שוין געווען פארבארגן אין דער גייסטיקער אטמאספער פונם ניינצנטן יארהונ־דערט און דער בעסטער באוויז דערפאר איז, וואס גלייכצייטיק האט אזא געדאנק באהערשט פארשידענע געביטן פון דער וויסנשאפט. סיי דארווין, סיי מארקס האבן פארעפנטלעכט די רעזולטאטן פון זייערע פאר־שונגען אין דער זעלבער צייט. ס'איז פאראן אפילו א אונטערשייד אין זיי־ערע לייסטונגען: דאס זיינען די ווידערשטאנדן, וועלכע זיי האבן געהאט אף א פארשידנארטיקן אופן אויסצושטיין און בייצוקומען. דארווינס באַ־אבאכטונגען האבן זיך פארשפרייט אף באשעפענישן, די אנטוויקלונג פון וועלכע יעדער לעבעדיקער מענטש קאן באמערקן, ווייל דער קרייז פון זיינע פארשונגען און באאבאכטונגען איז געווען די שטומע אומבאוואוסטע נא־

טור. דאקעגן מארקס האָט געהאט צוטון מיט דער מענטשלעכער געזעל־שאפט, וועלכע באשטייט פון לעבעדיקע טיילן מיט א פארוויקלטן באַוואוסטזיין, ליידנשאפטן און ווילן און דערפאר האָט מארקס געהאט אויס־צושטיין פיל שטערונגען. דאס גאנצע געזעלשאפטלעכע לעבן שפילט זיך אָפּ ארום צילן און מעשים פון מענטשן און אז ס'ווערט אמאל יאָ דער־גרייכט א ציל, אָדער עפּעס א טאָט לעבט זיך אויס; אויב אפילו די טעטיקייטס־באוועגונגען פון מענטשן צושלאגן זיך איינע אין די אנדערע! — איז גראדע אין אָט דעם מענטשלעכן טעטיקייטס־דראנג געלעגן דער הויפּט יסוד פונם מאטעריאליסטישן אויפפאסן די געשיכטע.

ביז מ'האָט נישט דערגרייכט צום אונטערגרונט פון מענטשלעכן ווילן, מיינונגען און ליידנשאפטן; כל זמן מ'האָט באטראכט די געשיכטע אויבערפלעכלעך, ביז דאן האָט אין דער וויסנשאפט געהערשט דער אל־געמיינער גדאנק, אז די מענטשן שאפן די אנטוויקלונג פון פעלקער, פאר וועלכע די צופעליקע געשטאלטונג פון די סאציאלע אדער פאליטישע פאר־העלטענישן האָט איבערגעלאזן א ברייטערן פּלאץ פאר א פרייער טעטיקייט. פון דעם נעמט זיך, וואס מ'בינדט געוויסע געשיכטלעכע עפּאָכן מיט א נאָמען פון א געוויסער פערזענלעכקייט, וועלכע האָט געלעבט אין א באַשטימטער עפּאָכע. דערביי גלויבט מען נאָך, אז אזעלכע פערזאָנען האָבן אָנגעוויזן די וועגן, אין וועלכע די אנטוויקלונג דארף גיין. די גריכישע קונסט שמעלצט מען צונויף מיט פעריקלס נאָמען, די דייטשע ציוויליזאציע מיט קארל דעם גרויסן, דעם ענגלישן האנדל מיטן נאָמען פון דער קעניגין עלי־זאבעט און אזוי ווייטער. אפילו אין די מאָדערנע צייטן האָט מען זיך נאָך נישט באפרייט פון אזעלכע פאראורטיילן און מ'גלויבט, אז ווען נישט די גרויסע פערזענלעכקייטן, וואלט די מענטשהייט נישט דערגרייכט צו דער מאָדערנער שטופע פון ציוויליזאציע.

נאָפּאָלעאָנס אויפשטייגן און ירידה האָט באשעפטיקט אלע גרעסטע דענקער פון דער וועלט. מ'האָט זיך געהאלטן אין איין גריבלען אין זיין פערזענלעכקייט און אין יענער עפּאָכע בכלל. מ'האָט געוואלט אויסגעפינען דעם שורש. אפילו דיכטער און ראמאן־שרייבער זיינען אריינגעפאלן אין אזא מין נעץ. אזוי האָט וויקטאר הוגא געפרואווט אין זיין באוואוסטן

ראמאן „לע מיזעראבל” (די עלנטע) שילדערן די צופאלן, וועלכע האבן
אנטשיידן די שלאכט בא וואטערלאָאָ. הוגא איז געווען איבערצייגט, אז ווען
די צופאלן זאלן זיך געווען צונויפלייגן לטובת נאפאלעאָנען, וואלט די
אייראָפעאישע מאפע אין דער קעגנווארט גאנץ אנדערש אויסגעזען. אזא
מין שטאנדפונקט איז פארשטענדלעך פאר א דיכטער, וועלכער איז אין
זיין דענקען מער פאנטאסטיש, ווי פראקטיש. פאר א געשיכטע־פארשער
וואלט אזא השערה נישט פארשאפט קיין איבריק גרויסן כבוד. נישט די
פארלוירענע שלאכטן, נאָר די פאָליטיק, וועלכע איז געווען קעגן
די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע, האָט אנטשיידן נאפאָלעאָנס גורל.
נישט די מלחמה־מפלות, די פראנצויזישע בורזשואזיע האָט אראפגעווארפן
נאפאלעאָנען פונם טראָן. ס'איז אָבער אויך אַן אמת, אז א נאפאלעאָן איז
פארבונדן מיט די צוזאמענהאנגן פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע. זאל
נאפאָלעאָן געווען לעבן אין אן אנדער עפּאָכע, וואלט ער פאר דער מענטש־
הייט און געשיכטע געווען א געוויינלעכע, אומבאקאנטע פערזאן, א פאָ־
ליטישער נול.

דאָס דענקען פון גרויסע מענטשן קאָן זיך בשום אופן נישט אויפ־
הויבן העכער פון זייער צייט און שטח. יעדעס דענקען האָט זיך זיינע
וואָרצלען, — און נעמט זיין אָנהויב אין דער צייט און אין א געוויסן
פאלקס־שיכט. ס'איז ווי א נאטור־געזעץ: דער מענטשלעכער גייסט אנט־
וויקלט זיך נאָר אין צוזאמענהאנג מיט זיינע נעבנמענטשן און אין דער
גייסטיקער סביבה פון זיין צייט. די זעלבסטשטענדיקייט פונם יחידישן
געדאנק ווערט דערטרינקען אין די גרויסע שטרעמונגען פון די צייטן.

נישט די אינדיווידועלע פערזאן שאפט אן עפּאָכע, נאָר פארקערט:
די גרויסע פערזענלעכקייטן זיינען א פראָדוקט פון זייערע עפּאָכן. נישט
פעריקל האָט געשאפן די גריכישע קונסט, — די גריכישע קונסט האָט דער־
צויגן א פעריקל; די שטארקע רוימישע מלוכה האָט געמאכט גרויס דעם
רוימישן צעזאַר אויגוסט און אין אזא סדר ציט זיך די געשיכטלעכע קייט.
און דאס האָט אויך א שייכות צו די וועגן, אין וועלכע ס'באוועגט זיך די
טעטיקייט פון די געשיכטלעכע העלדן: נישט די העלדן מערקן אָן די וועגן,
— די געזעצן ליגן פארבארגן אין דער נאטירעלכער אנטוויקלונג פון די פעל־

קער. א געשיכטלעכער העלד קאָן אָף אזוי ווייט מאַכן געשיכטע, אָף וויפל ער לאָזט זיך טרייבן פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. איידער דער העלד טרעט נאָך אריין אינם פּאָליטישן לעבן פון זיין סביבה, זיינען שוין אין דער געזעלשאַפט פאַראַן סימנים פאַר א ווייטערער אַנטוויקלונג און דער העלד ווערט נאָר דער פאַרווירקלעכער, דער אַרויסברענגער פון דער נייער פּאָליטישער אַנטוויקלונג, וועלכע פירט אָן מיט זיינע טאַטן. ס'איז אַן אַלגעמיין פעסטגעשטעלטער אמת: „דו גלויבסט, אַז דו שטופּסט, — דו ווערסט אָבער אַליין געשטופּט". און אינם זינען פון דעם אמת באַווענט זיך קאַרל מאַרקס מאַטעריאַליסטישע געשיכטע־אויפפאַסונג.

מאַרקס מאַטעריאַליסטישע געשיכטע־אויפפאַסונג איז נישט דאָס אונטערפירן א סך הכל פון די היסטאָריש־פאַרגאַנגענע צייטן, — דאָס איז א מעטאָד צו פאָרשן די געשיכטע און היפוך צום מעטאָד פון דער אידעאַ־לאָגישער געשיכטע־אויפפאַסונג. דאָס מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסן די געשיכטע צושטערט די פאַבול פון קעניגן און פירשטן, וועלכע זיינען כלומרשט געווען אַזוי שטאַרק, אַז לויט זייער אייגענעם ווילן האָבן זיי געקאָנט פאַראַרדענען פּאָליטישע איבערקערענישן און סאָציאַלע אומוואַנד־לונגען, אָבער דערביי קען מען ניט לייקענען, אַז זיי האָבן געהאַט א גרויסן איינפלוס אויפן גורל פון זייערע לענדער און פעלקער.

די אידעאָלאָגישע געשיכטע־אויפפאַסונג האָט זיך באַנוגנט מיטן קאָנסטאַנטירן טאַטזאַכן פון געשיכטלעכע העלדן און ווייטער נישט. אָבער דער מאַטעריאַליסטישער מעטאָד דרינגט אריין אינם תוך פון די הערשנ־דיקע קלאַסן פון פאַרשידענע צייטן, פאָרשט זייער מאַטעריעלע עקזיסטענץ באַדינגונגען, די פּראָדוקציע און אַנטוויקלונגס שטופע און בכלל זייער מאַטעריעלע וועלט און די פאַרבונדענע מיט די אידעאַלע אַנשויאונגען און פון אַזאַ שטאַנדפּונקט דערקלערט זי דאָס פאַרהעלטעניש פון די הערשנ־דיקע קלאַסן צו דער מלוכה־מאַכט.

די מאַטעריאַליסטישע געשיכטע־אויפפאַסונג, ווי אַן אָביעקטיווע וויסנשאַפט, איז גאַנץ ווייט פון א לחלוטינדיקן אַראָפּזעצן די ווערט פון דער ווילנסטעטיקייט פון די מלוכה־מענער, — זי שטרעבט אויסצופאָרשן, פאַרוואָס אין אייניקע געשיכטלעכע פאַלן איז יאָ פאַראַן אָרט פאַר א פּער־

זעלבן רעגירן, און אין אנדערע פאלן איז דער מלוכה־מאן בלויז דער פארווירקלעכער פונם ווילן פון די הערשנדיקע קלאסן. דאס מאטעריאליס־טישע געשיכטע־אויפפאסן זוכט אויך צו אנטדעקן אין דער ווילנסטעטיקייט פון די גרויסע מענער, אף וויפל זיי האבן א שייכות צו די פאליטישע אדער געזעלשאפטלעכע איבערקערענישן, די גרויסע שטרעמונגען, פון וועלכע די מענער ווערן געטראגן.

דאס אלץ פירט צו דעם, אז כדי צו פארשטיין די געשיכטע, מוז מען נעמען אין באטראכט ניט דעם יחיד, נאר דעם כלל; מ'דארף די אל־געמיינע געשעענישן אריבערטראגן פונם אינדיווידיואום אף דער גאנצער מענטשהייט. מ'מוז אנטדעקן דעם באדן, אין וועלכן דאס פילן, דענקען און ווילן פון דער מענטשהייט נעמט זיינע ווארצלען, וואס דערמעגלעכן אויסצופארשן די יסודות פון דער מענטשלעכער ווילנס־טעטיקייט.

דערביי שטויסט מען זיך אויך אן אף א מערקווירדיקער אייגנטימ־לעכקייט. באטראכט מען די קולטור אין איר צוויי טויזנט יעריקער אנט־וויקלונג ווערט קלאר, אז ס'איז אוממעגלעך איינצוראמען די גאנצע מענטש־הייט אין איין ראם. דער אלט־גריכישער מענטש איז אין זיין קענען און ווילן, אין זיין געפיל און גייסטיקער וועלט לחלוטין פארשידן פונם מיטל־אלטערלעכן מענטשן, וועלכער האט די גאנצע וועלט באטראכט דורך די ברילן פון רעליגיע, ווידער דער מיטלאלטערלעכער מענטש איז א גאנץ אנדערער, ווי דער מענטש פון צוואנציקסטן יארהונדערט.

די געשיכטע פון די פארגאנגענע יארהונדערטן באשטעטיקט, אז אין יעדער צייט איז דאס מענטשלעכע דענקען געווען פארשיידן. אין איין יאר־הונדערט האבן זיך מענטשן געקאנט גרופירן ארום א געוויסער אידייע, ברענגען קרבנות צוליב א געוויסן פרינציפ, בעת אינם פאלגנדיקן יארהונ־דערט איז די זעלבע אידייע געווארן אן אפגעלעבטע פראזע און ס'איז שוין געפירט געווארן א קאמף קעגן איר.

ס'איז א מין געזעץ, אז דער מענטשלעכער גייסט געפינט זיך אונטער א שטענדיקן צייכן פון אומוואנדלונג. וועלכע־זשע זיינען די סבות, וואס זיינען גורם צו דער אומוואנדלונג פון מענטשלעכן גייסט? די פראגע פאר־

ענטפערט קארל מארקס אין זיין ווערק „די ארימקייט פון דער פילאזאפיע", וואו ער שרייבט:

„יעדער פרינציפּ האָט געהאַט זיין פּעריאָד, אין וועלכן ער איז נתגלה געוואָרן. דער פּעריאָד פון אויטאָריטעטס־פּרינציפּ איז געווען דער עלפטער יארהונדערט, דער אינדיווידואליסטישער פּעריאָד איז פארבונדן מיטן אכצנטן יארהונדערט. שטעלט מען די פראגע, פאר־וואָס איז דער אָדער יענער פּרינציפּ נתגלה געווארן דווקא אין עלפטן אָדער אכצנטן יארהונדערטן און נישט אין אן אנדער צייט, — זעט מען זיך געצוואונגען אויסצופארשן באזונדער, וואס ס'האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער מענטש פון עלפטן און דער מענטש פון אכצנטן יארהונדערט; וועלכע באדערפענישן זיי האבן געהאט, ווי אזוי האָט אויסגעזען זייער פּראָדוקציע און די באַציאונגען צווישן די מענטשן גופא, וועלכע זיינען דערצויגן אין די עקזיסטענץ־באדינגונגען. בא־גרינדן די אלע פראגן, הייסט עס דען נישט אויספארשן די ווירקלעכע וועלטלעכע מענטשן־געשיכטע פון יעדן יארהונדערט, פארשטעלן ביל־דעריש די מענטשן, גלייך ווי זיי אליין זאלן זיין די מחברים און אויספירער פון זייער אן אייגענער דראמע".

כדי אויסצופארשן די טיפערע סיבות פון דער גייסטיקער און סא־ציאל פּאָליטישער אנטוויקלונג פון דער מענטשהייט מוז מען זיך ווענדן צו די רעאלע יסודות פון דער געזעלשאפט, צו איר עקאָנאָמישער סטרוק־טור, צו דער עקאָנאָמיע פון דער געזעלשאפט. פרידריך ענגעלס האָט דאס זעלבע זייער בולט באגרינדעט אויף פאלגנדיקן אופן:

„די מאטעריאליסטישע געשיכטע־אנשויאונג גייט ארויס פון שטאַנדפונקט, אז די פּראדוקציע און דער אויסטויש פון די פּראדוקטן זיינען דער יסוד פון אלע געזעלשאפטלעכע ארדנונגען, אז אין יעדער געשיכטלעך־ארויסטרעטנדיקער געזעלשאפט קומט פאָר דאס פארטיילן פון די פּראָדוקטן און די פארבונדענע מיט דעם גלידערונג אין קלאסן אין אן אופן, וואס און ווי ס'ווערט פּראָדוצירט און ווי אזוי דאס פּראָדוצירטע ווערט אויסגעטוישט.

אזוי ארום דארף מען זוכן די סיבות פון אלע געזעלשאפטלעכע פארענדערונגען און פּאָליטישע איבערקערענישן נישט אינם מענטש

לעבן דענקען, נישט אינם אריינדרינגען אין דעם אייביקן אמת און גערעכטיקייט, נאָר אין די פאַרענדערונגען פון פּראָדוצירן און אויס־טוישן. נישט אין דער פילאָזאָפיע דאַרף מען זוכן די סיבות, נאָר אין דער עקאָנאָמיק פון דער באַטרעפנדיקער עפּאָכע."

דאָס זיינען די יסודות, אויף וועלכע עס זיינען זיך סומך אַלע דער־שיינונגען, דאָס געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע לעבן. נאָר פון אַזאַ שטאַנד־פּונקט אַרויסגייענדיק, איז מען ביכולת זיך צו שאַפן אַ קלאָרן קוק אויף די סיבות און ווירקונגען אינם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער מענטשהייט.

די מאַטעריאַליסטישע געשיכטע־אויפפאַסונג האָט געשאַפן אַ נייע עפּאָכע אין דער וויסנשאַפט און איר שעפער קאַרל מאַרקס האָט זי פאַר־מולירט אין זיין ווערק „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע". איר גאַנצן מהות, האָט ער אויסגעדרוקט אין די צוויי פאָלגנדיקע זאַצן:

„די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט איז דער רעאַ־לער באַזיס, אויף וועלכן ס'דערהויבט זיך אַ יוריסטישער און פּאָליטי־שער איבערבוי און וועלכער געפינט זיך אין הסכם מיט באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען פון באַוואוסטזיין — און: דער סאָציאַלער, פּאָליטישער און גייסטיקער לעבנס־פּראָצעס איז איבערהויפּט אַ פּועל יוצא פונם פּראָדוקציע־סדר פון מאַטעריעלן לעבן".

די גאַנצע געשיכטע פון דער פאַרגאַנגענהייט באַקומט אַ גאַנץ אַנדערן אויסזען, ווען מ'באַטראַכט זי פונם שטאַנדפּונקט, אַז דער יסוד פון דעם געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן בנין זיינען די פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן. זאַכן, וועלכע זיינען פריער געווען אַ מין רעטעניש, ווערן פאַרשטענדלעך; פיל געשעענישן, וועלכע מ'האָט געהאַלטן פאַר וויכטיקע הויבן אָן פאַרנעמען אַ צווייטן אָרט. ס'ווערט קלאָר דאָס מינדערוועטיקייט פון אייניקע גע־שיכטלעכע העלדן און ס'וואַקסט אויס אַ גאַנץ נייע אומבקאַנטע וועלט.

די מאַטעריאַליסטישע געשיכטע־אויפפאַסונג האָט געמאַכט מעגלעך אַ פּראָדוקטיווע קריטיק פון דעם, וואָס די פריערדיקע מעטאָדן פון גע־שיכטע־שרייבן האָבן געשאַפן. אין די פריערדיקע צייטן איז די געשיכטע־וויסנשאַפט אויפגעפאַסט געוואָרן אַלס ווייטמעגלעכסטע אָביעקטיווע שיל־דערונג פון דער פאַרגאַנגענהייט אָדער קעגנוואַרט. אַזוי האָט עס פאַרשטאַ־

נען דער גריכישער געשיכטע פארשער פוקידיד און דער רוימער טאציט, אין אזא גייסט האָבן אויך געשריבן אנגעזעענע געשיכטע־שרייבער פון די נייע צייטן, ביז ס'איז געקומען דער ענגלישער געשיכטע־פאָרשער באָקל און האָט אנגעוויזן אף ניט־באגרינדיקייט פון אזא מין אויפפאסן די געשיכטע, אנטקעגנשטעלנדיק אזא מין געשיכטע־וויסנשאפט דעם ביישפּיל פון די נאטורוויסנשאפטן.

די נאטורוויסנשאפטן הויבן אָן מיט אן אָביעקטיווער שילדערונג. דאס איז די אזוי־גערופענע באשרייבנדיקע נאטורוויסנשאפט, וועלכע זאמלט און שאפט דעם נויטיקן מאטעריאל פאר דער פארשנדיקער נאטור־וויסנשאפט. דער עקר איז דאס דערקענען די סבה, ווירקונג און דאס גרו־פירן דעם מאטעריעלן שטאָף. און ווי אין די נאטורוויסנשאפטן, אזון איז אויך דאס זעלבע לגבי דער געשיכטע־וויסנשאפט און מענטשלעכן דענקען.

פאר צונויפשטעלן די וויסנשפטלעכע טעאָריע וועגן דער אנטוויקלונג פון די מינים, האָט דארווין פריער געמוזט אויספארשן די מינים גופא, זייערע אויסערלעכע און אינערלעכע אייגנשאפטן, זייערע לעבנסגעוואוינ־הייטן, זייערע אונטער־מינים און ווייטער וואקסן־פארהעלטעניש. דאס האָט דארווינען געדינט פאר א יסוד פון זיינע פארשונגען. און אזוי איז עס מיט יעדער וויסנשאפט, וועלכע נויטיקט זיך אין א וויסנשאפטלעכער באגרינדונג. מ'מוז זאמלען און קאנען די איינצלנע טיילן. פריער גייט א פעריאָד פון באשרייבונג, נאָך אים פאלגט די פארשונג, וועלכע שטעלט מיט זיך פאר דעם תוך פון יעדער וויסנשאפט.

דער תוך פון דער געשיכטע־וויסנשאפט באשטייט אינם אויסגעפינען די סבות, וויאזוי אן עפּאָכע, איז געבוירן, געוואקסן, זיך אנטוויקלט און ענדלעך אויך פארשוואונדן געווארן, און אויפדעקן די געזעצן, וועלכע האָבן באאיינפלוסט דעם גאנג פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט. צוליב אזא מין וויסנשאפטלעכן צוועק, מוז מען דעם מאטעריאל אָרדנען און איינטיילן. אָבער נישט דאס איז דער צוועק, עס איז בלויז דער מיטל צום צוועק. וויסן דעם לויף פון א געשיכטלעך־געשעעניש, הייסט נאָך נישט וויסן די באדייטונג און פארבינדונג מיט די געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן פון דער פארגאנגענהייט און צוקונפט. ערשט מיטן אויס־

פארשן די אנטוויקלונגס־געזעצן און די ספּעציעלע פּאטאלאָגישע טאטזאַכן בעתן פארקומען פון געשיכטלעכן געשעעניש, — ערשט דאן קאן מען זיך שאפן א באגריף וועגן די סבות, פון וועלכע דאס געשעעניש נעמט זיינע מקורים.

אין אזא ריכטונג האָט געמוזט גייען די געשיכטע. ווי אין די נאטור־וויסנשאפטן, האָט אויך די געשיכטע פון א באשרייבונג זיך געמוזט אנט־וויקלען אין א וויסנשאפט.

קארל מארקס האָט אנגעוויזן די ריכטיקע וועגן אין, וועלכע די גע־שיכטע דארף גייען. ער האָט אנטדעקט דעם באָדן, אין וועלכן אלע געזעל־שאפטלעכע און גייסטיקע פארענדערונגען נעמען זייער התחלה און אדאנק זיין וויסנשאפטלעכער אנטדעקונג איז מען געווארן ביכולת אויסצוגעפונען די אנטגילטיקע און אנטשליסנדיקע אנטוויקלונגס־געזעצן און פארשטייען די געשיכטע.

מארקס האָט נישט אויפגעשטעלט קיין אלגעמיינע געזעצן פאר אלע געשיכטלעכע עפּאָכן. ער האָט אנגעוויזן, אז יעדער עפּאָכע פאר־מאָגט זיך אירע געזעצן, איר דענקען, אירע אופן פּראדוצירן און טענ־דענצן און מיטן גאנצן כוח פון זיין שארפזיניקייט האָט ער געפירט א קאמף קעגן די דענקער, וועלכע האָבן זיך אלץ געהאַלטן באם שטאנדפונקט פון אן אידעאליסטישן אויפפאסן די געשיכטע.

„ס׳איז א טאטזאך, אז דער גרונטבאזיס אין שאָטלאַנד האָט אדאנק דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע באקומען א נייעם ווערט. די אינדוסטריע האָט געעפנט פאר דער וואָל נייע מערק. כדי צו פּראדוצירן וואָל אין א גרעסערן מאַסשטאב האָט מען געמוזט די אקערפעלדער פארוואנדלען אין פאשע־פעלדער. מיטצוהעלפן דעם, האָט מען געמוזט קאָנצענטרירן די גיטער, אפשאפן די קליינע פאכ־טערייען, טויזנטער פאכטער ארויסיאָגן פון זייער היים און זיי פאר־בייטן מיט טויזנטער פאסטוכער צו היטן די מיליאָנען שאָף. אזוי ארום האָט די פאָלגנדיקע אומוואנדלונג פונם גרונטבאזיס אין שאָט־לאנד געבראכט דערצו, אז שאף האבן ארויסגעשטופּט מענטשן. מ׳האָט געזאגט, אז דאס איז געווען די אויבערשטע השגחה ארויסצו־

שטופּן פונם גרונטבאַזיץ מענטשן דורך שאַף און השגחהדיק האָט מען אויך געשריבן געשיכטע." (מאַרקס. קאַפּיטאַל).

דאָס אַנווענדן דעם מעטאָד פון די נאַטורוויסנשאַפטן אַף דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט האָט געבראַכט צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטן, ווי אין דער שטומער נאַטור. די פאָרמען פון דער געזעלשאַפט, ווי אויך די אופנים פון דער פּראָדוקציע זיינען לחלוטין פאַרשידן איינע פון די אַנדערע. די געזעצן, וועלכע זיינען א יסוד פאַר איין סאָציאַלן אָרגאַניזם ווערן אונגילטיק באַם אויפשטייען און אַנטוויקלען זיך פון אַן אַנדערן סאָציאַלן אָרגאַניזם. אַנשטאַט די אַלטע געזעצן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דער אָפּגעלעבטער געזעלשאַפטס־פאָרם, קומען אָן אַנדערע, נייע געזעצן.

פאַר מאַרקסן איז די געזעלשאַפט נישט קיין איין „פעסטער קריסטאַל", נאָר אַן אָרגאַניזם, וועלכער איז פעאיק צו פאַרענדערן זיך און געפונט זיך אין א שטענדיקן פּראַצעס פון אומוואַנדלונג. די אומוואַנדלונגען קומען פאַר נישט צוליב דעם ווילן פון יחיד, נאָר צוליב די אייזערנע געזעצן, וועלכע פירן אָן מיטן אָרגאַניזם. אום עס צו באַשטעטיקן, דערווייזט קאַרל מאַרקס מיט דער הילף פון א גענויעם וויסנשאַפטלעכן פאָרשן די נויטווענדיקייט פון א באַשטימטע אָרדנונג און געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן און קאָנסטאַטירט טאַטזאַכן, וועלכע דינען אַלס אויסגאַנגס־ און אָנליין־פונקט. דערביי איז גאַנץ גענוג געווען מאַרקסן צו פאַרגלייכן איין געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג פון א באַשטימטער עפּאָכע מיט א געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג פון א צווייטער עפּאָכע. די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג באַטראַכט ער ווי א נאַטורגעשיכטלעכן פּראַצעס, מיט וועלכן עס פירן אָן געזעצן, ניט נאָר אָפּהענגיק פון ווילן און באַוואוסטזיין פון מענטשן, נאָר אַזעלכע געזעצן וועלכע באַשטימען אַפילו דעם ווילן און דעם באַוואוסטזיין פון די זעלבע מענטשן.

די מאַטעריאַליסטישע געשיכטע-אויפפאַסונג באַנוצט זיך מיט שפּינאָזאָס אַרויסגעזאָגטער מיינונג וועגן דער נישט־פרייהייט פון מענטשלעכן געדאַנק און טראַגט דעמזעלבן אַריבער אַף דער מענטשלעכער געשיכטע פון אַלע פעלקער און צייטן. אין די ערשנדיקע וויסנשאַפטלעכע

שטרעמונגען שפּילט דאָס באַוואוסטזיניקע א וויכטיקע ראָל באַם אויפּפּאַסן די געשיכטע. אָבער מאַרקס להיפוך, זעט אינם באַוואוסטזיין א צווייטראַנגיקן פּאַקטאָר, וועלכער איז נישט די סבה, נאָר א פּועל־יוצא. דער באַוואוסטזיין איז בלויז די פּנימדיקע זייט פון דער רעכנונג, אָבער נישט די רעכנונג גופא. וויבאַלד אין א געזעלשאַפט פאַרנעמען דאָס אָרט פון די אַלטע אידעען נייע אידעען, איז באַ א וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז געפינט מען, אַז עפּעס, ווי נישט באַמערקנדיק, איז פאַרגעקומען אַן אומוואַנדלונג אין די פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן, וועלכע האָבן זיך ביסלעכווייז פאַרגייסטיקט אין די מענטשלעכע מוחות. אַזוי, אַז די לעצטע סבה פונם געזעלשאַפטלעכן דענקען און אַנטוויקלונג ליגט נישט אין דער אידעע, נאָר אין די פּראָדוקציע כוחות, וועלכע געפונען זיך אין א צושטאַנד פון א שטענדיקן בייטן זיך. אף וויפיל דאָס מענטשלעכע דענקען איז אָפּהענגיק פון די סאָציאַלע יסודות פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, קאָן אילוסטרירן פאָלגנדיקער ביישפּיל. דעם ווערט־געזעץ פון דער סחורה־פּראָדוקציע האָבן אַנטדעקט די נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע וויסנשאַפטלער סמיט, ריקאַרדאָ און קאַרל מאַרקס. זיי האָבן דעם געזעץ אַנטוויקלט און פאַרטיפט, שוין אָבער אין די אַלטערטימלעכע צייטן האָט דער גרויסער פילאָזאָף אַריסטאָטעל אויך אַנאַליזירט די פאָרמען פון ווערט. אָבער אין זיין אַנאַליז איז ער ווייטער נישט געקומען, ווי צו דעם, אַז אינם ווערט־אויסדרוק פונם פּראָדוקט, ווי עס ווייזט אויס, מוז זיין פאַרבאָרגן די גלייכהייט פונם זעלבן פּראָדוקט און נישט מער. פאַרוואָס ער איז נישט געקומען ווייטער, ווי צו אַזאַ מין באַגריף, טייטשט אויס מאַרקס אף פאָלגנדיקן אופן:

„דאָס, וואָס אין דער פאָרם פון די פּראָדוקט־ווערטן דאַרפן אַלע אַרבעטן אויסגעדרוקט ווערן ווי גלייכע, מענטשלעכע און גלייכגילטנדיקע אַרבעטן, — האָט אַריסטאָטעל נאָך נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען אין דער ווערט־פאָרם, מחמת די גריכישע געזעלשאַפט האָט זיך באַזירט אף דער אַרבעט פון שקלאַפן, וועלכע איז געווען דער נאַטור־באַזיס פאַר דער נישט־גלייכהייט פון די מענטשן און זייערע אַרבעטס־כוחות. דער סוד פונם ווערט־אויסדרוק, די גלייכהייט און גלייכע גילטיקייט פון אַלע אַרבעטן, ווייל זיי זיינען איבערהויפּט מענטשלעכע אַרבעט, קאָן נאָר דאַן אויסגע-

טייטשט ווערן, ווען דער באגריף פון דער מענטשלעכער ארבעט וועט פארמאגן די פעסטקייט פון א פאראורטייל. דאס איז אבער מעגלעך אין א געזעלשאפט, וואו די פראדוקט־פארם איז די אלגעמיינע פארם פונם סחורה־פראדוקט און די פארהעלטענישן צווישן די מענטשן, ווי סחורה־אייגנטימער, וועלן זיין דאס הערשנדיקע געזעלשאפטלעכע פארהעלטעניש. אריסטאטעלס גרויסקייט איז דוקא אין דעם, וואס אינם ווערט-אויסדרוק פון די סחורות האט ער אנטדעקט א גלייכהייט־פארהעלטעניש. בלויז די היסטארישע גרעניצן, אין וועלכע ער האט געלעבט, האבן אים געשטערט ארויסצוגעפונען אין וואס ס'באשטייט דער אמת פון די גלייכהייטס־פארהעלטענישן."

מארקס מאטעריאליסטישע געשיכטע־אויפפאסונג איז א שליסל צו פארשטייען די אידעען פון פארשידענע צייטן און קלאסן, דערקלערן זייער באשאפן ווערן, באדייטונג און שטארבן. אזא מין דערקענטעניש איז אף אזוי פיל וויכטיק פארן פארשטייען די געשיכטע און פאר דער קריטיק פון דער געזעלשאפט און איר פארגאנגענהייט און קעגנווארט, אז אן דעמזעלבן וועט דער וויסנשאפטלעכער אורטייל נישט האבן קיין שום אינהאלט. אן אמת-וויסנשאפטלעכע קריטיק, וועלכע די קולטור פון א צייט ציט אריין אינם קרייז פון אירע באאבאכטונגען, קאן נישט נעמען פאר א יסוד דעם באוואוסטזיין, ווי ס'ווערט פארגעשטעלט, — דאס פארגלייכן טאטזאכן פון פראדוקטיווע כוחות, פארטיילונגס־מאדוסן פון פראדוקטן, פון מאטעריעלע פארהעלטענישן באווייזן די נויטווענדיקייט פון אן אנטוויקלונג אינם געזעלשאפטלעכן און גייסטיקן לעבן, — און נאר דאס קאן זיין דער ארויסגאנגס־פונקט פון איר פארשן. אנדערש הייסט עס, אז דאס ארט פון השערות, היפאטעזן פארנעמען איינפאכע טאטזאכן, וועלכע אנטוויקלען זיך און ווערן דערקלערט פון זיך גופא.

ווארפט מען דעם שיין פון דער מאטעריאליסטישער געשיכטע־אויפפאסונג אף די מאסנקאמפן פון דער פארגאנגענהייט באקומען די לעצטע א באזונדערע באדייטונג: מ'זעט אז זיי זיינען דער טרייבנדיקער כוח אין דער אנטוויקלונג פון די פעלקער און זיינען א באוויז, אז אין די טיפקייטן פונם ווירטשאפטלעכן לעבן זיינען פארגעקומען אומוואנדלונגען, וועלכע האד־

בן מיט אן אבסאָלוטער נויטווענדיקייט געשטרעבט דערצו, אז דער פּאָליטי־
שער און גייסטיקער איבערבוי זאָל זיי נאָכפאָלגן און זיך צופּאסן צו זיי.
דער פּראָצעס שפּילט זיך אָפּ אינם אלגעמיינעם מלוכה-לעבן און ס'איז
נישטאָ דער פּאָליטיש־סאָציאַלער כוח, וואס זאל קאנען דעם פּראצעס זיך
אנטקעגנשטעלן. דערזעלבער פּראצעס האָט אויך ארויסגערופן דאס אנט־
שטייען פון א מעכטיקן ארבעטער־קלאס מיט זיינע פּאָליטישע און סאָ־
ציאלע אינסטיטוציעס און קאמפן און די מאטעריאליסטישע געשיכטע־
אויפפאסונג איז נישט בלויז א בארעכטיקונג פון דער ארבעטער באווע־
גונג, נאר אויך א בשורה־אָנזאָגער פונם אנטגילטיקן נצחון פונם ארבעטער
קלאס, וועלכער פירט א שווערן, אבער גערעכטן קאמף מיט זיינע אונטער־
דריקער — מיט דער בורזשואזיע.

